# דער רמב"ם

## זאמלונג

צוזאמענגעשטעלט
פון
מאיר סאראנא


ISBN:0-657-12062-6

# דער רמב״ם

## באַלייכטונגען וועגן זיין דענקען, זיין לערע

## און זיין ווירקן

(זאַמלונג)

אַרויסגעגעבן צום 750 טן יאָרצייט פון דעם

# נשר הגדול

# רבנו משה בן מימון ז״ל

## דער לערער פון יידישן פאָלק אין אַלע דורות


פאַרלאַג


מעקסיקע

תשט״ו 1955

## מעלדונג

משנה תורה (היד החזקה) להרמב"ם, מיט אַלע מפרשים, פינף ספרים, אין לוקס־באנד.

משנה תורה (היד החזקה) להרמב"ם, במהדורה מקוצרת, מנוקד ומפורש, אין איין באנד.

„מורה נבוכים" פון רמב"ם.

און נאָך אַנדערע ווערטפולע ספרים און ביכער צו באַקומען ביי ה' מאיר קאָראָנאָ.


אַדרעס:

M. CORONA

AV. NUEVO LEON 95-2 TELEFONO 11-37-80

MEXICO, D. F.

# אינהאַלט:

זייט

קיצור־ביאָגראַפיע פון רמב"ם — — — — — — — — — — — — — — — 5

**פּראָפ. ב. דינור:**

די געשטאַלט פון רמב"ם אין ליכט פון אונדזער דור — — — — — 11

**דר. אברהם קאַראַלניק:**

דער רמב"ם אַלס פילאָזאָף — — — — — — — — — — — — — — — 20

**הרב יצחק אייזיק הלוי הערצאָג:**

משנה תורה — היד החזקה פון רמב"ם — — — — — — — — — — — 31

**דר. ישראל צינבערג:**

„מורה נבוכים" פון רמב"ם — — — — — — — — — — — — — — 36

**ש. צ. זעצער:**

פירוש המשניות פון רמב"ם — — — — — — — — — — — — — — 42

**דר. יצחק פאַלישוק:**

דעם רמב"מס בייטראָג צו דער אַנטוויקלונג פון דעם אייראָפּעישן דענקען — — — — — — — — — — — — — 58

**י. ב. ביילין:**

א) דער רמב"ם אַ וויכטיקע דאַטע אין דער יידישער קולטור־געשיכטע — — — — — — — — — — — — — 68

ב) ווען מ'האָט געבערענט דעם רמב"מס ווערק — — — — — — 84

# קיצור - ביאָגראַפיע פון רמב"ם.

רבנו משה בן רבי מיימון איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1135 אין דער שטאָט קאָרדאָוואַ (שפּאַניע) וואו זיין פאָטער איז געוועזן דיין, און איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1204 אין דער שטאָט פאָסטאַט־קאַירא (מצרים). און אָנגענומען איז אַז ער ליגט אין טבריה (ארץ ישראל). ווען דער רמב"ם איז אַלט געווען דרייצן יאָר איז קאָרדאָוואַ פאַרנומען געוואָרן פון די עקסטרעמע מוסילמאַנער (אלמוהאַדן) וועלכע האָבן געצוואונגען אַלע איינוואוינער אָנצונעמען דעם מאחמעדאַנישן גלויבן. דאַמאָלסט האָט די פאַמיליע פון רבי מיימון געמוזט אַנטלויפן פון שפּאַניע צו זוכן ערגעץ וואו אַ רואיקן וואוין־אָרט. יאָרן לאַנג האָבן זיי געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט ביז זיי זענען אָנגעקומען אין דער שטאָט פאס (צפון אַפריקע) אין יאָר 1160. אָבער באַלד זענען אויך דאָרט די יידן געצוואונגען אָנצונעמען דעם מאחאמעדאַנישן גלויבן און רבי מיימון האָט געמוזט אויך פון דאָרטן אַנטלויפן, ער מיט זיינע צוויי זין און טאָכטער. אין יאָר 1165 האָבן זיי זיך באַזעצט אין דער שטאָט פאָסטאַט־קאַירא (מצרים), נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין געהאָט געוואוינט אַ האַלב יאָר אין ארץ ישראל און אַ קורצע צייט אין אַלעקסאַנדריא. דער אַלטער רבי מיימון איז געשטאָרבן ווען זיי האָבן געוואוינט אין ארץ ישראל. אין מצרים האָבן די צוויי ברידער, רבנו משה און רבי דוד, זיך דערנערט פון דיאַמאַנטן־האַנדל: רבי דוד האָט געפירט די געשעפטן און רבנו משה איז געזעסן און געלערנט. איז געשען, ווען ר' דוד איז געווען אויף אַ שיף אין אינדישן ים איז די שיף אונטערגעגאַנגען און צוזאַמען מיט ר' דודן איז פאַרזונקען געוואָרן זייער גאַנצער פאַרמעגן און אויך דאָס געלט וואָס זיי האָבן אָנגעבארגט ביי פרעמדע מענטשן. נאָך אַכט יאָר, וואָס דער דאָזיקער אומגליק איז געשען, שרייבט דער רמב"ם צו ר' יפת בן אליהו אַזוי:

„און דער גרויסער אומגליק וואָס איז געקומען אויף מיר, און וואָס איז ערגער פון אַלע צרות וואָס זענען אַריבער איבער מיר פון מיין געבוירן אָן, איז דער אומקום פון צדיק רבי דוד, וועלכער איז דערטרונקען געוואָרן אין אינדישן ים, און ער האָט מיט זיך געהאָט אַ גרויסן פאַרמעגן: זיינער, מיינער און פרעמדער... נאָכן

באַקומען די טרויעריקע בשורה, בין איך אַ יאָר צייט געלעגן קראַנק צו בעט און עס האָט נישט געפעלט קיין סך אַז איך זאָל אויך אומקומען. ביז היינט, שוין אַכט יאָר, טרויער איך און קען זיך נישט טרייסטן. און ווי קען איך געטרייסט ווערן? אויף מיין שויס האָט ער זיך דאָך געהאָדעוועט, ער איז דאָך מיר געווען אַ ברודער און אַ תלמיד, ער האָט געהאַנדלט און פאַרדינט און איך בין זיך געזעסן רואיק און געלערנט; פאַר מיר איז קיין גרעסערע פרייד נישט געווען ווען איך האָב אים געזען... ווען איך דערזע זיין האַנטשריפט אָדער זיינס אַ ספר ווייטיקט מיין האַרץ און עס דערוועקט זיך אין מיר מיין טרויער. די לעצטע שורה איז, אַז איך וועל מיט מיין דאָזיקן ווייטיק אַזוי נידערן אין קבר. ווען נישט די תורה וואָס איז מיין לעבנס אינהאַלט און די וויסנשאַפט אין וועלכער איך פאַרטו זיך — וואָלט איך געווען אומגעקומען אין מיין צער".

אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע פאַמיליע־צרות וואָס זענען איבער אים אַריבער, און זיין זאָרג פאַר דעם ברודערס אלמנה מיט דער טאָכטער, און זיין שווערע קראַנקהייט וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין מצרים, האָט דער רמב"ם באַוויזן צו לערנען תורה טאָג און נאַכט, זיך פאַרטיפן אין פילאָזאָפיע, לערנען מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און מעדיצין. אין יאָר 1170 האָט דער רמב"ם אָנגעהויבן צו פאַרנעמען זיך מיט מעדיצינישער פראַקטיק און ער האָט אויך אויף דעם געביט געשריבן אַ סך ספרים אין אַראַביש. מיט דער צייט איז ער באַרימט געוואָרן אַלס גרויסער מעדיקער און ער איז געוואָרן הויף־דאָקטאָר ביים סולטאַן צאַלאח אל־דין.

אין זיין בריוו צו ר' שמואל אבן תיבון שילדערט דער רמב"ם זיין סדר היום אַזוי:

„איך וואוין אין פאָסטאַט און דער סולטאַן וואוינט אין אלקאַירא, צווישן זיי דיביידע ערטער איז פאַראַן צוויי תחום־שבת (בערך ביי אַ פיר טויזנט מעטער) עס איז מיר אוממעגלעך אַז איך זאָל אים נישט באַזוכן טעגלעך אין אָנהייב טאָג. דעם גרעסטן טייל פון טאָג בין איך ביים סולטאַן אין הויף. אויב דאָרטן איז נישטאָ קיין באַזונדערע געשעענישן קום איך צוריק אַהיים נאָך האַלבן טאָג. אַלענפאַלס — קיינמאָל נישט פריער. און איך בין אויסגעהונגערט. טרעף איך שוין אין דער היים וואַרטן פול מיט מענטשן, גויים און יידן, וויכטיקע און אומוויכטיקע לייט, פריינד און שונאים, אַן ערב רב.

זיי ווייסן שוין די צייט ווען איך דאַרף אַהיימקומען. איך גיי אַראָפּ פון איחל, וואַש זיך אָפּ די הענט און איך גיי אַרויס צו די מענטשן בעטן אַז זיי זאָלן מיר אַנטשולדיקן און וואַרטן ביז איך וועל נאָר עפּעס אָפּעסן. וועל איך אַרויסקומען זיי אונטערזוכן, אַזוי בין איך פאַרנומען מיט די פּאַציענטן, זיי אונטערזוכן, זיי היילן און פאַרשרייבן רפואות, ביז אין דער נאַכט. קומט אָן די נאַכט בין איך שוין אַזוי מיד און פאַרמאַטערט אַז איך קען אַפילו נישט רעדן. אַ גאַנצע וואָך קענען יידן צו מיר נישט קומען זיך דורכרעדן... אויסער דעם שבתדיקן טאָג. דאַמאָלסט קומט צו מיר גאַנץ קהל, אָדער דער גרעסטער טייל, נאָכן דאַווענען. דאַמאָלסט פיר איך אָן מיט די קהלשע ענינים און זאָג זיי וואָס זיי האָבן צו טאָן אַ גאַנצע וואָך... דאָס איז דער אינהאַלט פון מיין טעגלעכער פאַרנומענקייט. און איך האָב פאַר דיר נאָר געשילדערט אַביסל. ווען דו וועסט מיט גאָטס הילף קומען צו מיר וועסטו דאָס אַליין זען".

ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט, אין זיין בריוו צו ר' יהונתן הכהן שרייבט דער רמב"ם אַזוי: „אין גרעסטן טייל פון טאָג ליג איך אָנגעליינט אויף דעם בעט און די לאַסט פון די קראַנקע ליגט אויף מיר, אין מיין מעדיצינישער פּראַקטיק. דאָס האָט אָפּגעשוואַכט מיין כוח און מיר נישט געלאָזט קיין רו, נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט. און וואָס קען איך טאָן, אַז איך בין אַזוי באַרימט געוואָרן אין אַ סך לענדער. און נאָך — איך בין שוין נישט היינט ווי אין מיינע יונגע יאָרן, מיין כוח איז אָפּגעשוואַכט און מיינע הענט ציטערן. אפילו צו שרייבן דאָס קלענסטע בריוועלע איז מיר שווער. דעריבער זאָלט איר נישט פאַראיבל האָבן אויף מיר פאַרוואָס איך האָב געהייסן אָנשרייבן די ענטפערס צו אייך און איך האָב אַליין נישט געשריבן מיט מיין אייגענער האַנט, ווייל איך האָב נישט קיין צייט צו דעם און צוליב מיין שוואַכן כוח און מיין אומגעדולדיקייט, דורך די וואָס באַלעסטיקן מיך שטענדיק".

דעם רמב"מס באַרימטקייט איז אַרויס אויף ווי ווייט און פון אַ סך לענדער האָט מען זיך געווענדעט צו אים מיט שאלות וועגן הלכות און שווערע ענינים. אין יאָר 1172 איז געגרויסט געוואָרן זיין נאָמען צוליב דעם „איגרת תימן" (בריוו קיין תימן) וואָס ער האָט צו זיי געשריבן. די תימנער יידן זענען געצוואונגען געוועזן אָנצונעמען דעם איסלאַמישן גלויבן און אַ סך פון זיי האָבן דאָס געטאָן, אָבער

נאָר לפנים וועגן, פאַר דער אויסערלעכקייט. אין יענער צייט איז אַרומגעפאָרן איבער די יידישע קהילות איינער אַ משומד און האָט געדרשנט, אַז אין דער תורה איז שוין אָנגעמערקט געוואָרן וועגן מוהמד און אַז דער איסלאַם דאַרף קומען און פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון יידישקייט. און עס איז געקומען אַ צווייטער, אַ צעדרייטער פאַנטאַזיאָר, און זיך דעקלאַרירט אַז ער איז משיח, דאָס האָט אַרויסגערופן דעם סולטאַנס צאָרן, אויף צו נעמען נקמה אין די ווידערשפעניקנדיקע יידן. דאַמאָלסט האָבן די מנהיגים פון די תימנער יידן זיך געווענדעט צום רמב"ם, אים צו וויסן געגעבן פון דעם אומגליק און צרות וואָס איז אויף זיי געקומען און האָבןביים רמב"ם געבעטן הילף און אויך אַז ער זאָל שטאַרקן ביי זיי די אמונה, וואָס איז ביי זיי אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דעם רמב"מס ענטפער צו זיי, וואָס איז געשריבן געווען מיט טיפער פאַרשטענדעניש און מיטגעפיל, האָט גע־מאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די אומגליקלעכע תימנער יידן, עס איז פאַר זיי געווען אַ דערקוויקונג און אַ דערוואכונג, און האָט געראַטעוועט זיי פון שמד און אונטערגאַנג. גלייכצייטיק האָט דער רמב"ם אויסגענוצט זיין איינפלוס אין סולטאַנס הויף און עס איז אים געלונגען אָפּצושאַפן די אַלע שלעכטע גזירות וואָס זענען אַרויסגעגעבן געווען קעגן די תימנער יידן. די תימנער יידן האָבן אַלס דאַנקבאַרקייט, פאַרערונג און ליבשאַפט צום רמב"ם, אַריינגעגעבן זיין נאָמען אין דער תפילה פון קדיש און געזאָגט יעדן טאָג אין קדיש „בחייכון וביומיכון ובחיי רבנא משה בן מיימון".

זעכצן יאָר איז דער רמב"ם אַלט געווען ווען ער האָט געשריבן זיין ערשטן ספר אין אַראַביש, „געדאַנקען וועגן לאָגיק", וועלכער איז איבערגעזעצט געוואָרן עטלעכע מאָל אין העברעיש און אויך אין אַנדערע שפראַכן. זיין פירוש אויף משניות האָט דער רמב"ם אָנגעהויבן צו שרייבן ווען ער איז אַלט געווען דריי און צוואַנציק יאָר, אין לויף פון זיינע וואַנדערונגען און ער האָט אים פאַרענדיקט אין מצרים אין יאָר 1168. דער דאָזיקער פירוש איז איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעיש דורך שמואל אבן תיבון, יהודה חריזי און אַנדערע. אין יאָר 1170 האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן זיין גרויסן חיבור „משנה תורה", וועלכן ער האָט געשריבן אין אַ ריינעם, געשליפענעם העברעיש, און ער האָט אים פאַרענדיקט אין יאָר 1180. „משנה תורה" איז דער איינציקער ספר וואָס דער רמב"ם האָט

געשריבן אין העברעיש, ווייל ער האָט געשטרעבט צו מאַכן פון דאָזיקן חיבור, וואָס איז אייגנטלעך די צונויפזאַמלונג פון דער גאַנצער יהדות, פאַרשטענדלעך און צוגענגלעך פאַר יעדן יידישן מענטשן. „משנה תורה" איז דערנאָך אויך גערופן געוואָרן „יד החזקה" לויט דעם פסוק „היד החזקה... אשר עשה משה לעיני כל ישראל". רבנו משה בן מיימון האָט געטאָן דאָס זעלביקע ווי משה רבנו אין זיין צייט. ער האָט געשריבן זיין חיבור „משנה תורה" אַז ער זאָל זיין אַ ליכט פאַר אַלע יידן. אויך דאָס וואָרט „יד" באַטרעפט פערצן, דאָס זענען די פערצן ספרים וואָס שטעלן צוזאַמען דעם חיבור „משנה תורה".

אין יאָר 1195 (בערך) האָט דער רמב"ם פאַרענדיגט זיין ספר „מורה נבוכים" (פילאָזאָפיע), וועלכער איז איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעיש דורך שמואל אבן תיבון און יהודה חריזי.

דער איינפלוס פון „מורה נבוכים" האָט אַרומגענומען ברייטע קרייזן פון צווישן מוסולמאַנער און קריסטן. אין אָנהייב פערצנטן יאָרהונדערט האָט געשריבן ר' יוסף אבן כספי אין זיין צוואה אַזוי: „ווי איז צו אונדז וואָס מיר האָבן געזינדיקט, די יידן פאַרלאָזן היינט דעם ספר המורה (מורה נבוכים) און די קריסטן שעצן אים, דערהויבן אים און זעצן אים איבער. און די אַראַבער אין פאס און אין אַנדערע לענדער האָבן איינגעאָרדנט שולעס וואו יידישע געלערנטע לערנען מיט זיי דעם ספר המורה (מורה נבוכים)".

נישט אַלע רמב"מס ספרים זענען געדרוקט געוואָרן. אַ סך פון זיי געפינען זיך נאָך אין האַנטשריפט אין די גרויסע ביבליאָטעקן און זיי ווארטן אויף אַ גואל, וואָס זאָל קומען און זיי ברענגען צום דרוק. מען דענקט אַז רבנו משה בן מיימון האָט געשריבן נישט ווינציקער ווי אַכצן ספרים אויפן מעדיצינישן געביט, אָבער בלויז זיבן פון זיי זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן ביז היינט.

ס'איז געווען איינער (דער געלערנטער רב שי"ר) וואָס האָט געזאָגט אויף דעם רמב"ם, „ביז היינט איז נאָך נישט אויפגעקומען נאָך אַזעלכער ווי דער רמב"ם אין דער גאַנצער וועלט". און ווירקלעך איז נאָך נישט געווען אַזעלכער וואָס זאָל זיך אויסצייכענען אין די אַלע פאָלגנדיקע געביטן צוזאַמען: אויסערגעוויינלעכע גאון אין תורה; פאָרשער אין וועלטלעכן וויסן; פיינער סטיליסט; קלאָרער פאַרשטאַנד; איידעלע מידות; מעדיקער; געזעלשאַפטלעכער עסקן;

דערציער און נאָך.. צו זיין בעסטן תלמיד, יוסף אבן עקנין, האָט דער רמב"ם געשריבן אַזוי: „איך בין מוחל אויף מיין כבוד און איך פאַרבייג אויף די פיל פאַרשעמונגען קעגן מיר... פאַר מיין פערזאָן וועגן וויל איך נישט באַזיגן קיינעם, ווייל דער כבוד פון מיין גייסט און דער ווערט פון מיינע מידות איז פאַר מיר מער כבוד איידער צו באַזיגן נאַראָנים (די וואָס האָבן גערעדט שאַרף קעגן רמב"ם) מיט מיין לשון און מיין וואָרט... און בכלל בעט איך דיר, אויב דו מיין תלמיד ווילסט גיין אין מיינע וועגן און אין מיינע מידות, און דאָס וועט זיין גוט פאַר דיר, — זאָל מען דיך באַליידיקן און דו באַליידיק נישט קיינעם, זיי בעסער פון די פאַרשעמטע און נישט פון די פאַר־שעמער".

אָט אַזוי איז טאַקע נאָך נישט געווען אַזעלכער ווי רבנו משה בן מיימון, דערציער, וועגווייזער און לערער אין אַלע וועגן פון לעבן. געדעכט זענען געווען די וואָס האָבן געפונען אַן אָנדייט אין די אותיות פון ר'מ'ב'ם, וואָס מאַכן: ראש מדברים בכל מקום — דער הויפט פון פאָלקס פירער אין אַלע ערטער. און געדעכט זענען אויך געווען די וואָס האָבן אַרויסגעלאָזט דעם זאָג פאַר אַלע דורות „ממשה (בן עמרם) ועד משה (בן מיימון) לא קם כמשה".

פראָפ. ב. דינור.

# די געשטאַלט פון רמב״ם אין ליכט פון אונדזער דור

צוואַנציק טעג אין טבת, היי־יאָר, זיינען געוואָרן 750 יאָר זינט דעם טאָג ווען ס'איז נפטר געוואָרן רבי משה בן מיימון דער רמב״ם, איינער פון די גדולי־ישראל אין אַלע דורות. דער רמב״ם איז נישט אַ געלערנטער ווי אַלע אַנדערע יידישע געלערנטע, ער איז נישט אַ רב און אַ גדול ווי אַלע גרויסע רבנים; דער רמב״ם איז דער רב. ער איז דער לערער — דער רב פון יידישן פאָלק און דער לערער פון אַלע דורות.

ווי זעט אויס, אין אַלגעמיינע שטריכן, די געשטאַלט פון רמב״ם אין אונדזערע אויגן, אין די אויגן פון דעם איצטיקן דור — פונעם דור פון פּאָליטישער אויפריכטונג און נאַציאָנאַלער אויפלעבונג פון מדינת-ישראל?

דער באַוואוסטזיין פון דעם רמב״מס גרויסקייט און פון דער איינציק־אַרטיקייט פון זיין פערזענלעכקייט איז געווען געמיינזאַם פאַר די מענטשן פון זיין דור, די נאָענטע דורות נאָך אים און די ווייטערדיקע דורות, ביז אונדזער צייט. די מענטשן פון זיין דור און פון די ווייטערדיקע דורות זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן נישט נאָר דורך דעם אויסערגעוויינלעכן פאַרנעם פון זיין בילדונג — דער רמב״ם האָט אָנגעשריבן אַרום דרייסיק ספרים: פיר ספרים מיט פירושים (אויף דער משנה, דעם תלמוד, „שווערע הלכות וואָס אין גאַנצן תלמוד" און די „כללים פון תלמוד"), פיר ספרי הלכה (צווישן זיי די „משנה תורה"), זיבן ספרים וועגן ענינים פון אמונה און פילאָסאָפיע (צווישן זיי דעם „מורה נבוכים"), צוויי ספרים וועגן לאָגיק, צען ספרים וועגן מעדיצין, ווי אויך בריוו, תשובות און פיוטים; די התפעלות פון אַלע דורות איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך זיינע גרויסע נישט־געוויינלעכע דערגרייכונגען סיי אין חכמת־התורה, סיי אין אַלע וויסנשאַפטן, סיי אין פילאָזאָפיע אָדער אין דער וויסנשאַפט פון געטלעכקייט, ווי עס האָבן זי גערופן די מענטשן פון יענע דורות.

די מיינונג פון די מענטשן פון יענע דורות, אין אַלע לענדער, איז געווען אַז דער רמב״ם — וועלכער האָט באַקומען זיין דערציאונג אין די שולן פון דער אַראַבישער בילדונג אין שפּאַניע, צפון־אַפריקע

און מצרים און וועלכער האָט, ווי באַקאַנט, געשריבן ס׳רוב פון זיינע ספרים אויף אַראַביש — האָט דערגרייכט דעם מענטשלעכן הויך־פונקט אין אַלע וויסנשאַפטן און „אַז אויך אין דער תורה האָט זיין שכל אַרומגענומען אַלץ וואָס ס׳איז געווען באַקאַנט און איז באַנייט געוואָרן ביז זיין צייט„ (רבי ידעיה הבדרשי). אויך אין אונדזער דור ווערט די פערזענלעכקייט פון רמב״ם אָפט אָפּגעשאַצט — דורך נישט יידישע געלערנטע — ווי איינע פון די מעכטיקסטע דערשיינונגען פון מענטשלעכע גייסט, פון דער אינטעלעקטועלער קראַפט פון דער מענטשהייט בכלל״.

ס׳וואָלט אָבער געווען אַ שווערער טעות פון אונדזער זייט ווען מיר וואָלטן באַטראַכט דאָס אָרט פון רמב״ם אין דעם באַוואוסטזיין פון די דורות ווי בלויז אַ רעזולטאַט פון פעאיקייטן און דערגרייכונגען, פון תורה און חכמה, פון מעלות און מידות. די אמתע גרויסקייט פון אַ היסטאָרישער פערזענלעכקייט, וואָס האָט געהאַט אַ השפעה אויף די וייטערדיקע דורות — און באַזונדערס ווען זי האָט געהאַט אַ גייסטיקע השפעה — איז קודם־כל פאַרבונדן מיט דער פערזענלעכקייט גופא, מיט איר כאַראַקטער, מיט דער גאַנצקייט פון איר מהות און מיט דער האַרמאָניע פון איר וועזן, וואָס פאַראייניקן די פרטים פון איר לעבן אין איין גרויסן דרך און בינדן־צונויף אירע טעטיקייטן און מעשים אין איין פרשה, וואָס צייכנט אַ וועג פאַרן פאָלק און פורעמט זיין געשטאַלט אין די אַנטשיידנדיקע גורלדיקע מאָמענטן פון זיין געשיכטע. די דאָזיקע שלימות און אייניקייט געפינען זייער אויסדרוק אין דעם געפיל פון שליחות פון אָט־דער פערזענלעכקייט, וואָס באַגלייט איר לעבן און אירע טעטיקייטן. און אַזוי האָבן טאַקע געזען דעם רמב״ם די מענטשן פון זיין דור און פון די וייטערדיקע דורות.

אויך די גרויסע פערזענלעכקייטן און די געלערנטע אין אַלע דורות האָבן באַטראַכט רבי משה בן־מימון ווי דעם מענטש פון שלימות און שליחות אָדער — אין זייער לשון — ווי דעם מענטש וואָס דער אויבערשטער האָט אַריינגעטאָן זיין וואָרט אין זיין מויל: „אַזוי זאָלסטו זאָגן צום הויזגעזינד פון יעקב און אַזוי זאָלסטו זיי פירן אויפן גלייכן וועג. זאָלסט זיך נישט שרעקן און זאָלסט נישט מורא האָבן, וואָרים איך האָב דיך געשיקט״ — דו ביסט „דער מענטש וואָס דער גייסט פון גאָט האָט אויף אים גערוט״; „ער האָט גערעדט מיט רוח־הקודש און מיט אַ גייסט פון חכמה״, וואָס „פון זיינע רייד ברענגט מען אַ

ראיה ווי פון הלכה למשה מסיני" און „מען איז מדקדק אין זיינע ווערטער ווי אין די ווערטער פון דער גמרא".

ס'איז נישט אַזוי שווער צו פאַרשטיין זיין פערזענלעכקייט; זי איז אפילו אַ גאַנץ קלאָרע. ראשית־כל דאַרפן מיר וויסן: וואָס האָט דער רמב"ם גופא באַטראַכט ווי דאָס ווערק פון זיין לעבן? צו וואָס האָט ער געשטרעבט און וואָס האָט ער געוואָלט דערגרייכן? אין וואָס איז באַשטאַנען זיין מיסיע־געפילן? מיר קענען עס פאַרשטיין, ווען מיר וועלן זיך אַריינטראַכטן אין דריי זאַכן: א. דער דור פון רמב"ם; ב. זיין סביבה און די יידישע געזעלשאַפט פון זיין צייט; ג. די גרונט־טענדענץ און זיינע געדאַנקען און טעטיקייטן.

זיין דור

דער רמב"ם האָט געלעבט אין אַ „דור פון רדיפות מצד פינסטערע פיינט און פאַרפאָלגונגען פון פאַנאַטישע שונאים — אַ דור פון שווערע גזירות אויף יידן אין מזרח און אין מערב, אַ דור פון שרעק און גייסטיקער פאַראָרימקייט, פון צעמישונג און אָפּשוואַכונג פון די כוחות". דער רמב"ם האָט תופס געווען זיין דור ווי אַ דור פון חבלי-משיח, וואָס „די חכמים האָבן מתפלל געווען זיי נישט צו זען". „און ווער קען אויסהאַלטן דעם טאָג פון זיין קומען? און ווער איז דער וואָס קען באַשטיין, ווען ער באַווייזט זיך?" (מלאכי, ג׳, ב׳). „דער גואל וועט קומען", ווען עס וועט זיך שטאַרקן די האַנט פון עכו"ם און פון די אַראַבער, און ווען זייער הערשאַפט וועט זיך אויסשפרייטן ווי ביים היינטיקן טאָג. און אָט־דאָס — די ביאת־הגואל — וועט פאָרקומען אין דער איצטיקער צייט; ס'איז אין דעם קיין ספק נישט און מער וועט עס נישט דויערן.

דער רמב"ם זאָגט, אַז לויט אַ פאַמיליע־טראַדיציע וואָס שטאַמט פון „אָנהויב פון גלות־ירושלים", איז פאַראַן אַ פאָרבאַדינג פאַר דער ביאת־הגואל און דאָס איז דער צוריקקער פון דער נבואה צו ישראל. און דאָס וועט געשען אין גיכן, אין אַ דור אַרום — אין פערציק יאָר אַרום — (פינקטלעך: נאָך פיר און פערציק יאָר) פונם טאָג וואָס ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער בריוו אגרת תימן. אַזוי זאָגט די משפּחה־טראַדיציע.

דער רמב"ם שטעלט פעסט די צייט ווען די נבואה וועט זיך אומקערן צו ישראל. די פּראָבלעם פון נבואה, איר מהות און דער דרך ווי־אַזוי זי וועט זיך אומקערן צו ישראל איז דעריבער אַ צענטראַלע

פראָבלעם אין זיין גאַנצן פילאָזאָפישן געדאַנק. ער וויל דערגיין ביז צו דער גרעניץ פון מענטשלעכן שכלדיקן באַוואוסטזיין — כדי צו דערגרייכן נאָך העכער.

די פראָבלעם פון דער מדרגה פון נבואה איז אויך אַ צענטראַלע פראָבלעמען אין זיין פערזענלעכן לעבן. דער גראַד פון דער נבואה קומט נאָך דער מדרגה פון חכמה. און די מדרגה פון חכמה אין זינען פון מענטשלעכער שלימות איז אָפּהענגיק פון אונדז, פונם מענטש, און זיין גאַנץ לעבן איז אַ כסדרדיקער אויפשטייג, אַ ניט־איבערגעריסענער, פון שטאַפּל צו שטאַפּל. ער וויל דערגרייכן צו איר העכסטער מדרגה — און נישט נאָר צוליב אַבסטראַקטע טעמים, נאָר כדי צו קענען פירן דאָס פאָלק, וואָרים צו די אויפגאַבעס פון דער נבואה געהערט אויך די מנהיגות. אָבער די אויסבעסערונג פון דער פּאָליטישער פירערשאַפט פון יידישן פאָלק איז באַדינגט דורך דער געשטאַלט פון דער יידישער געזעלשאַפט אין זיין צייט.

## זיין סביבה

די סביבה פון רמב״ם איז געווען אַ סביבה פון אַריסטאָקראַטן, מיוחסים און מענטשן מיט גרויסע מעגלעכקייטן אין די קהילות פון שפּאַניע — פון גרויסע גבירים און פילאַנטראָפּן, רייכע סוחרים, הויכע רעגירונגס־אָנגעשטעלטע און באַרימטע דאָקטוירים. די משפּחה פון רמב״ם האָט געהערט צו די שפּיצן פון אָט־דער יחוסדיקער שיכט. ביז אונדזער צייט האָט זיך אָפּגעהיט די אַלגעמיינע טראַדיציע בנוגע זיין יחוס, דער יחוס פון זיינע אָבות און אבות־אבותיו; אַלע זיינען זיי געווען חכמים ונבונים, וואָס האָבן געצויגן זייער יחוס פון דוד המלכס משפּחה. ער אַליין גיט אונדז איבער, מיט שטאָלץ און זעלבסט־באַוואוסטזייך, די נעמען פון אַכט דורות פאַר אים: אַלע זיינען זיי געווען ריכטער, געלערנטע, רבנים א. ד. גל.

אָבער אָט־די סביבה האָט פאָרגעשטעלט נאָר אַן ענגען קרייז, אַ דינע שיכט פון דער יידישער געזעלשאַפט אין זיין צייט. וואָרים איינער פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער יידישער געזעלשאַפט אין שפּאַניע און אין אַלע אָריענט־לענדער, אין זיין צייט, איז געווען די גרויסע מחיצה צווישן די מנהיגים און אינטעלעקטואַלן פון פאָלק, פון איין זייט, און דעם המון־העם, פון דער אַנדערער זייט. די מאַסע איז געווען פאַרשוואַרצט און נעבעכדיק, אונטערדריקט און פאַרפאָלגט,

פאַראַרימט און פאַרזונקען אין די אָפּגרונטן פון צוויי ימען: דער ים פון גלות און דער ים פון פאַרגרעבקייט.

די דאָזיקע קולטורעלע שפּאַלטונג צווישן דער מאַסע און די געלערנטע האָט געשטאַמט פון דעם אייגנאַרטיקן סאָציאַלן מעמד פון די געלערנטע — אַ קלאַס וואָס האָט אָוועקגעשטעלט דעם גוטן מעמד פון אַ מענטשן ווי אַ פאַרבאַדינג פאַר דער תורה. די דאָזיקע צעטיילונג צווישן די פאָלקס־מאַסן און צווישן דער אינטעליגענץ און די געלערנטע, האָט דערווייטערט די געלערנטע פונם פאָלק און זיי דערנענטערט צו די פעלקער — אָדער ריכטיקער געזאָגט: צו די פאַרמעגלעכע און הערשנדיקע שיכטן פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי האָבן געלעבט. אָט־די העכערע שיכט אין יידנטום האָט אָנגעהויבן צווייפלען אין דער צוקונפט פון יידישן פאָלק, און אין דער אייביקייט פון דער תורה; און דער קיום פון יידישן פאָלק האָט זיך געפונען אין אַ סכנה. די אינטעלעקטואַלן זיינען געווען צעמישט און די פאָלקס־מאַסן — פאַרצווייפלט.

און נישט נאָר דאָס אַליין: אָט־די צייט פון פאַרפאַלגונגען איז אויך געווען אַ צייט פון אַ פאַרשטאַרקטער און נייער צעשפּרייטונג פון די יידישע ישובים. אין צפון־אַפריקע, אין שפּאַניע און אין אַלע מוסולמענישע לענדער האָט זיך געפילט אַ שטאַרקע ירידה מחמת די רדיפות; און פון דער אַנדערער זייט איז אייראָפּע געשטאַנען אונטערן צייכן פון די קרייץ־טרעגער און זייערע פאַרפאָלגונגען. דאָס יידנטום איז, אַזוי אַרום, געווען נישט נאָר צעטומלט און פאַרצווייפלט, נאָר אויך צעטיילט און צעבּרעקלט. און דערפון נעמט זיך די הויפּט־טענדענץ אין דער טעטיקייט פון רמב"ם: די טענדענץ פון פאַרפעסטיקונג און פאַראייניקונג.

פאַרפעסטיקונג און פאַראייניקונג

די דאָזיקע טענדענץ גייט דורך ווי אַ רויט שנירל אין אַלע זיינע שאַפונגען, איבער אַלע שטחים פון זיין טעטיקייט און באַזונדערס אין זיין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אויפן געביט פון תלמוד און הלכה און אויפן שטח פון פילאָזאָפיע, אין דער חכמה פון געטלעכקייט. אָנגעהויבן האָט ער מיט זיין פירוש אויף דער משנה, און אין אָט־דעם פירוש איז שוין בולט די דאָזיקע טענדענץ: די טענדענץ פון פאַרפעסטיקן און פאַראייניקן.

דאָס איז נישט סתם אַ פירוש, וואָס קלערט־אויף אומקלאָרקייטן

און גלייכט אויס שווערקייטן; ביים סוף פון יעדער משנה האָט ער פעסטגעשטעלט הלכות, האָט באַלויכטן ווינקלען אין דער תורה און האָט געלייגט יסודות; ער האָט פעסטגעשטעלט עיקרים.

זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אויף דעם דאָזיקן שטח האָט ער פאַרענדיקט אין זיין ספר יד החזקה, אין „משנה תורה", וואָס מיט אים האָט ער געשאַפן אַ „געזעצגעבערישן בוך פאַר פאָלק": ער האָט פאַראייניקט זיינע צעשפרייטקייטן און געשאַפן אַ בונד צווישן זיינע תפוצות; ער האָט פאַר אים מתקן געווען אַן אָרדענונג און האָט אויסגעגליכן זיינע פירונגען. די כוונה פון געזעצגעבערישן ספר איז געווען, אַז ער זאָל ווערן אַ בוך פאַרן גאַנצן פאָלק, אַז „אַלע דינים זאָלן זיין אָפן פאַר גרויס און קליין". אָט־דער ספר האָט געדאַרפט פאַראייניקן דאָס גאַנצע בית־ישראל, ווייל די אַלע „וואָס ווערן גערופן מיטן נאָמען פון יעקב און וועלכע האַלטן פון דת משה", „דאַרפן זיין פאַראייניקט אין איין צוזאַמענבונד, אַז עס זאָל צווישן זיי נישט זיין קיין מחלוקת אין קיין שום זאַך".

אין ליכט פון אָט-דעם ספר און דורך אים האָט ער געוואָלט אויסבעסערן די „פּאָליטישע אָנפירונג" פון פאָלק: ער האָט געוואָלט אָפּשאַפן דעם קלאַס פון די געלערנטע און זייער הערשאַפט, כדי „עס זאָלן נישט זיין קיין מענטשן וואָס זאָלן עוסק זיין אין תורה און נישט טאָן קיין מלאכה, און לעבן פון צדקה, — אַ זאַך וואָס ס'איז אין דעם פאַראַן חילול־השם, בזיון־התורה און אויסלעשונג פונם ליכט פון דת.

אין דעם „משנה־תורה" האָט דער רמב"ם אָוועקגעשטעלט דעם עיקר פון גאולה ווי אַ רעליגיעזן עיקר. האָט איינגעפלאַנצט אין דער נשמה פון די דורות אַ זיכערקייט, אַ די חרפה פון גלות וועט אָפּגעשאַפט ווערן, און האָט באַשטימט די צונויפזאַמלונג פון אונדזערע תפוצות ווי אַ יסוד אין אונדזער אמונה.

און נישט נאָר דאָס אַליין: ער האָט פאַר אונדז אָנגעצייכנט אַ וועג, וואָס אויף אים דאַרפן מיר גיין צו דער גאולה. ווי אַ פאַרבאַדינג פאַר ביאת המשיח דאַרפן מיר זיין, יעדע עדה און יעדע קהילה ביי יידן, פאַראייניקט אין איין געזעלשאַפט; מיר דאַרפן זיין פאַראייניקט אין מעשים און שיינע מידות, מיר דאַרפן ריכטן אונדזערע הערצער צו שלימות פון אונדזער באַוואוסטזיין און צו דער פאַרשטאַרקונג פון אונדזער ווילנס־קראַפט. שופטים ביי יידן, די באַנייאונג פון סנהדרין און דער צוריקקער פון דער נבואה צו יידן מוזן קומען פאַר דער גאולה פון יידישן פאָלק. און די דרכים פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון

אַט־די באַדינגונגען געפינען זיך אין אונדזערע הענט. זיי זיינען: גייסטיקער תיקון און פאַרבעסערונג פון די מעשים. די „משנה תורה" איז נישט נאָר די קאָנסטיטוציע פון דער נאָענטער מלכות־המשיח, נאָר אויך דער ספר־התקנות פון דער יידישער קהילה, וואָס איז פּאַראייניקט און אָרגאַניזירט לויט זיינע פּרינציפּן און ברענגט צוריק צו זיך, מיט איר ווילן און דורך אים, אירע שופטים ווי אין די אַמאָליקע צייטן.

דער ספר „משנה־תורה" הייבט זיך אָן מיט גייסטיקע רעפאָרמען, אין „ספר המדע", און פאַרענדיקט זיך מיט רעפאָרמען פון דער געזעלשאַפט, אין ספר־שופטים. „הילכות יסודי התורה" — די ערשטע הלכות אין ספר המדע — פאַרענדיקן זיך מיט די רייד פון רמב"ם וועגן נבואה. אין אַ צווייטן אָרט זאָגט ער, אַז אויך די פּירזנג פון פאָלק דאַרף זיך שטיצן אויף די נביאים, און נאָך די נביאים — אויף די געלערנטע, אויף די וואָס „טאָג־ווי־נאַכט יאָגן זיי זיך צו דערגיין דעם אמת, כדי זיי זאָלן קאָנען אונטערשיידן צווישן אמת און פאַלשע רייד".

## „די הערשאַפט פון שכל"

דער דרך וואָס פירט צום צוריקקער פון דער נבואה, איז דער דרך־החכמה, דער וועג פון וויסן. אַט־דעם דרך איז אייגנטלעך געווידמעט דער „מורה נבוכים" און זיין גאַנצער פילאָזאָפישער געדאַנק. „די הערשאַפט פון שכל" איז נאָר אַן אויסדרוק צום נבואישן ברען, וואָס פלאַקערט אין אים אין משך פון זיין גאַנץ לעבן; און די רעפאָרם פון די מעשים איז געווענדעט צום אויפבוי פון אַ געזעלשאַפט, וואָס קען — מיט איר ווילן און כוח, מיט איר איניציאַטיוו און קראַפט — אויסלייגן אַ וועג פאַר דער אויסלייזונג. אַן אויסגעבעסערטע געזעלשאַפט איז אויך אַ פאָרבאַדינג פאַר אַ רעפאָרם פון גייסט, מיר דאַרפן ווענדן אונדזער ענערגיע און אונדזער כוח צום וויסן און צו חכמה, צו קאָלאָניזאַציע פון אַ לאַנד און צו קריגס־פעאיקייט. אונדזער ירידה אין וויסן און חכמה, די הערשאַפט פון אבערגלויבן אין אונדז און איבער אונדז, האָבן אויף אונדז געבראַכט דעם חורבן און דעם גלות.

און דאָס האָט געבראַכט צום אונטערגאַנג פון אונדזער מלוכה און האָט חרוב געמאַכט אונדזער היכל און האָט אונדז דערפירט ביז אונדזער איצטיקן צושטאַנד, ווייל אונדזערע אָבות „האָבן זיך נישט

פאַרנומען מיט לערנען מלחמה־פירונג און נישט מיט דעראָבערן לענדער" (אגרת הרמב״ם צו די „חכמי־מאַרסעל").

דער ספר „משנה תורה" פאַרענדיקט זיך מיטן ספר־שופטים, דאָס 14־טע בוך אין יד החזקה, און אין אים לערנט דער רמב"ם דאָס פאָלק, אַז דער ציל פון הערשאַפט אין ישראל דאַרף זיין „אויפצוהויבן די דת פון אמת, אָנצופילן די וועלט מיט גערעכטיקייט און צעברעכן דעם אָרעם פון די רשעים און צו פירן די מלחמות ד׳" — און ס'איז נישטאָ קיין מלחמת ד׳ אויסער דער מלחמה „צו הילף פון ישראל פון די הענט פון אַ פיינט, וואָס איז אויפגעשטאַנען אויף זיי".

און דער רמב"ם לערנט דאָס פאָלק, ווי זיי זיינען מחוייב צו קעמפן און זיך צו פאַרטיידיקן: און נאָכדעם ווי ער וועט אַריינטרעטן אין אַ מלחמה, זאָל ער זיך שטיצן אויף דער האָפענונג פון ישראל און זיין רעטער אין אַן עת־צרה. „און ער זאָל וויסן, אַז ער פירט אַ מלחמה פאַר יחוד־השם. און ער זאָל שטעלן זיין לעבן אין געפאַר, און ער זאָל נישט מורא האָבן און נישט ציטערן, און ער זאָל נישט טראַכטן נישט וועגן זיין פרוי און נישט וועגן זיינע קינדער, נאָר ער זאָל אויסמעקן זייער זיכרון פון זיין האַרץ און ער זאָל זיך באַפרייען פון יעדער זאַך פאַר דער מלחמה. און איטלעכער וואָס הויבט־אָן אַריינצוקלערן און אַריינטראַכטן בעת אַ מלחמה און וואַרפט־אָן אויף זיך אַ שרעק, איז עובר אויף אַ לא־תעשה, וואָרים עס שטייט געשריבן: אייער האַרץ זאָל נישט ווייך ווערן און איר זאָלט נישט מורא האָבן און זיך נישט שרעקן און נישט ציטערן פאַר זיי. און נאָך מער: דאָס בלוט פון כל ישראל הענגט אויף זיין האַלדז".

די משיח־צייטן זיינען אָפּהענגיק פון אונדז: פון ישוב ארץ־ישראל און צוריקקער פון די שופטי ישראל, פון תיקון־הדעות און אויסבעסערונג פון מעשים. וואָרים, „אויב עס וועט אויפשטיין אַ מלך פון בית־דוד, וואָס וועט לערנען תורה און וועט עוסק זיין אין מלכות, ווי דוד זיין פאָטער, לויט דער תורה שבכתב און בעל־פה און ער וועט צווינגען כל ישראל צו גיין לויט איר דרך און זי צו שטאַרקן, און ער וועט פירן די מלחמות ד׳ — מיינט עס, אַז ער איז בחזקת משיח". און „אויב ער וועט אַזוי טאָן און וועט מצליח זיין, איז ער זיכער משיח".

### די שליחות

דער רמב"ם האָט געעפנט אַ טירל פון האָפענונג פאַר די

פאַרצווייפלטע אין זיין דור — אַ דור פון חבלי־משיח. דערפון נעמט זיך די שלימות אין זיינע טעטיקייטן און זייער איינוקייט. אַלע טעטיקייטן פון רמב״ם שטעלן־פאַר איין לעבנס־ווערק, די פאַרווירקלעכונג פון איין שליחות — די שליחות פון אַ פאַרפעסטיקטער און אַ וועג־בויער, פון אַן אָנזאָגער און אַ באַפרייער.

פון דער באַשיידנקייט און פשטות פון זיינע בריוו, און פון דער קלאָרקייט און דורכזיכטיקייט פון זיינע דערקלערונגען דערשיינט פאַר אונדזערע אויגן דער דאָזיקער געפיל פון באַשערטקייט און באַשטימונג — די באַשטימונג צום צייכענען נייע וועגן פאַר דער צוקונפט, ריכטיקער: פאַר דער צייכענונג פון דעם איינעם וועג, דעם דרך־המלך „וואָס זיין גאָט האָט אים געשיקט צו זיין פאָלק כדי עס אויפצולעבן". די מעשים, תורה און חכמה, חכמה און נבואה און גאולה. און דערפון נעמט זיך דער באַוואוסטזיין פון די דורות, אַז ער איז דער מענטש „וואָס זיין גאָט האָט אים געשיקט צו זיין פאָלק כדי עס אויפצולעבן". און פון דאַנען געמט זיך אויך דער פסיכאָלאָגישער און היסטאָרישער הינטערגרונט פאַר דעם שפּריכוואָרט:

ממשה עד משה לא קם כמשה.

ד״ר אבֿרהם קאַראַלניק

# דער רמב״ם אַלס פילאָזאָף

(דער דאָקטאָר פון מענטשלעכקייט)

1,

פאַרנאַכט אין קאָרדאָוואַ. ביי דער אַלטער בריק איבער דעם „וואַד על כביר״, דעם גרויסן טייך. אַ פריש ווינטל וויעט פון דעם ברייטן, גרין־בלוילעכן וואַסער. גרין און בלוי און פאַסן פון מאַראַנץ קאָליר, ווי גאָלדענע סטענגעס. עס זעצט זיך די זון.

צוויי יינגלעך שטייען ביי דער בריק, שוואַרץ־געלאַקטע, זון געברוינטע, אָבער אויף די נאָך קינדישע פנימער אַ בלאַסקייט. אַ גאַנצן טאָג אָפּגעזעסן אין דער „מעדרעסע״, אין דער שול, מיט אונטערגעבויגענע פיס, און געשאָקלט זיך און געחזרט. שטרענגע לערערס און קאָפּ־צעברעכנדיק די לימודים. מאַטעמאַטיק און גראַמאַטיק, אַסטראָנאָמיע; דער גרויסער אלמאגעסט פון פטאָלמעי, אַזוי שווער צו באַנעמען פאַר אַ קינדישן קאָפּ. און נאָך אַנדערע חכמות. אָבער דער שטרענגסטער לערער פון אַלע — אָט דער לערער פון פילאָזאָפיע; ער אַליין דער תלמיד פון דעם גרויסן אבו־בכר־אבן באַדזשאַ־אַל־צאיג.

„מיין פאָטער, אבו מחמד־דזשא־בארא בן אפלאה — רופט זיך אָן איינער פון די יינגלעך״, האָט מיר שטענדיק געזאָגט, אַז ס׳איז אינגאַנצן אַן איבעריקע זאַך דאָס לערנען פון פילאָזאָפיע. און דו ווייסט דאָך, אַז מיין פאָטער איז אַ גרויסער געלערנטער, האָט אַ שם, פון סעווויליאַ ביז סאַמאַרקאַנד, פאַר אַ היסטאָריקער. ווייל, זאָגט ער, נאָר דאָס האָט אַ ווערט און אַ זין, וואָס קען באַווייזן ווערן אין פאַקטן. אָבער ווי אַזוי קען אונדזער לערער באַווייזן דאָס, וואָס ער לערנט אונדז? אָט האָט ער אונדז אַ גאַנצע שעה געלייענט דעם בוך פון אבו־בכר וועגן דער „הערשאַפט פון די איינזאַמע״. האָסטו, אבו אמראן, פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געזאָגט?״

„געוויס, אבו מחמד, זיכער האָב איך פאַרשטאַנען. איך האָב עס שוין נישט איינמאָל געהערט פון מיין אייגענעם פאָטער. דו ווייסט דאָך, מיין פאָטער, רבי מיימון, איז נישט נאָר אַן אַסטראָנאָם — ער האָט דאָך אָנגעשריבן אַ פירוש אויף אַסטראָנאָמיע פון אל פאַרגאַני — נאָר אויך אַ פילאָזאָף. און ער האָט מיר דערקלערט נישט אוון מאָל,

אַז עס זענען דאָ מדרגות פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, אַזוי ווי אַ לייטער. וואו דער נידעריקסטער טרעפּ דערגרייכט ביז צו דער ערד און באַרירט זיך מיט דער חיה, אָבער וואָס העכער וואָס העכער ווערט דער גייסט ריינער און געהויבענער און דערנענטערט זיך צו דעם געטלעכן מקור".

„אָבער פאַרוואָס זאָל דאָס זיין אַזוי? — פרעגט ווייטער דער זון פון סעווילער היסטאָריקער — און ווי אַזוי קען מען פאָרט דערגרייכן צו דעם העכסטן פאַרשטאַנד, אויב נישט ווי גאַזאַלי האָט אונדז געלערנט, דורך התלהבות און מיסטישן עקסטאַז?"

דער שמועס וואָלט זיך נאָך לענגער געצויגן צווישן די צוויי יינגלעך, אָבער אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר פינף און צוואַנציק, אַ הויכער און אַ שיינער, מיט אַ יונג בערדל אויף די ברוינע באקן, איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט זיך אָפּגעשטעלט און צוגעהערט זיך אַ ווייל ווי די יינגלעך רעדן צווישן זיך. פלוצלינג רייסט ער איבער דעם שמועס: „אלא אכבאר, אלא איז גרויס, קינדער! הערט איר דען נישט, ווי דער מועזין רופט און זינגט אויף דעם טורעם פון דער מאָסקע מדינה אַזהאַראַ? וואָס ווייסט איר, קינדער, פון אַזעלכע זאַכן? נישט פאַר אייערע קעפּ!". די יינגלעך האָבן זיך אַרומגעקוקט און זייערע פּנימער האָבן זיך צעשטראַלט. „אָט גוט וואָס דו קומסט! דיך דאַרפן מיר טאַקע האָבן, אבו וואליד אבן ראשד, דו ווייסט דאָך אַלצדינג! זאג דו, דערקלער דו!"

דער יונגער אבן ראשד האָט אַ שמייכל געטאָן. „עס וואָלט געווען צו ווייט און צו ברייט דער שמועס. פריער פון אַלעמען מוזט איר וויסן, קינדער, וואָס דער לערער פון אַלע לערערס, אַריסטאָטל, האָט געלערנט. איר מוזט דערגיין צום שורש, זיך פאַרטיפן אין די ווערק פון די מייסטער, ווי איך, און דערנאָך... אָבער דערווייל שטייט נישט די נאַכט. גייט אַהיים, קינדער. מאָרגן איז אויך אַ טאָג און איר האָט צייט".

און די קינדער זענען זיך צעגאַנגען, אבו מחמד — צו דער אַראַבישער משפּחה, וואו ער האָט געלעבט אין קעסט, און אבו אמראן — אין זיין פאָטערס הויז, צו דעם דיין, רבי מיימון.

„רו זיך אָפּ, מיין קינד, ביסט אַזוי בלייך. גאַנצע טעג נאָר לערנען און לערנען. ביסט מיד, מיין קינד". איז די מוטער אים אַנטקעגן געקומען. אָבער דער דיין האָט שטרענג אַ קוק געטאָן אויף זיין זון. „משה פאַרטיק זיך גיך אָפּ מיט דיין עסן, מיר האָבן נאָך וואָס צו טאָן, מיר דאַרפן נאָך היינט נאָכאַמאָל איבערגיין די שווערע סוגיא

אין עירובין, דו געדענקסט דאָך! בכל מערבין ומשתתפין... אמר ר׳ יוחנן אין למדין מן הכללות... זאָג זשע, זון, וואָס מיינט עס?״

אין דער שטילער גאַס פון דער קאָרדאָווער אַלדזשאַמיאַ, דעם ייִדישן קוואַרטל, האָבן זיך דערהערט צוויי שטימען: עס האָט געזונגען דער פאָנטאַן אין דעם גאָרטן זיין נאַכט־ליד, זיין אייביק ליד, און דאָס יונגע קול פון דעם דרייצן־יאָריקן משה בן מיימון האָט זיך צעזונגען אויף אַראַביש: „זאָגט ר׳ יוחנן, מ׳קען נישט אָפּלערנען פון אַלגעמיינע רעגלען!... ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין האָט געזונגען דער דועט; אָבער דער פאָנטאַן האָט גובר געווען און זיין ליד האָט געזונגען אַ גאַנצע נאַכט אין דער שלאָפענדיקער אַלטער שטאָט קאָרדאָוואַ ביי דעם גוואַדאַלקוויוויר.

.2

און יאָרן זענען פאַרגאַנגען. יאָרן פון שווערע וואַנדערונגען און פון מאַטערניש. דער דיין ר׳ מיימון און זיין פאַמיליע זענען אַנטלאָפן פון קאָרדאָוואַ, ווען דער פאַנאַטיקער אַבדול מומין האָט פאַרכאַפּט די מאַכט אין אַנדאַלוזיע און אָנגעהויבן צו רודפן פילאָזאָפן, פריידענקער און, דער עיקר, יידן. פעס און מאַראָקאָ, עכו, ירושלים, עטאַפּן פון דער וואַנדערונג. דער אַלטער דיין ר׳ מיימון, שטאַרבט אין ירושלים און משה בן מיימון עמיגרירט קיין מצרים, באַזעצט זיך אין אַלט־קאַירא, אָדער פאָסטאַט, ווי זיי האָבן גערופן די שטאָט אין אַראַביש. און דאָרט, אין דעם קוואַרטאַל, וואָס טראָגט היינט דעם נאָמען מוסקי׳, לעבט משה בן מיימון אָפּ זיין גאַנצן לעבן, כמעט פערציק יאָר. הויף־דאָקטאָר ביים סולטאַן סאַלאַדין; רב; און צום סוף — געקרוינט מיט דעם טיטול „ראש היהודים״, דער עלטסטער פון די יידן, דער קאָפּ פון די יידן.

אַ רייך לעבן פון אַרבעט און פון שעפערישער טעטיקייט. אויף אַלע געביטן. מעדיצין — אַכט ביכער געשריבן, אָדער מער, וועגן אַלגעמיינע און ספּעציעלע פּראָבלעמען פון דער מעדיצין און פון דער פאַרמאַקאָפּעע, דער לערע פון רפואות; יוריספּרודענץ — דער קלאַסישער פירוש אויף משניות, דאָס מאָנומענטאַלע ווערק „יד החזקה״, וואָס האָט געזאָלט ווערן, און איז ביז אַ געוויסן פּונקט געוואָרן, די אָפּשליסונג און די פאַרענדיקונג פון דעם ייִדישן געזעץ; ביכער וועגן לאָגיק, עטיק, פּסיכאָלאָגיע, און וואָס נישט? פון אַלע עקן פון דער ייִדישער וועלט ציען זיך בריוו צו אים, שאלות וועגן

שווערע דינים, פאַרפּלאָנטערטע הלכות, און דער רמב"ם ענטפערט אויף זיי אין זיינע תשובות, מיט געדולד, מיט קלאָרקייט און מיט אַזאַ טיפן, רייכן וויסן פון דער גאַנצער תלמודישער ליטעראַטור. אַ ריזן־אַרבעט, וואָס וואָלט אויסגעשעפּט די כוחות פון יעדן אַנדערן, פון יעדן וואָס שטייט נאָך אויף דעם מיטעלן שטאַפּל פון גייסט. דערנאָך, שפּעט ביינאַכט, זייענדיק אין דער היים ווידער אַמאָל, וואַרטן מענטשן מיט זייערע פראַגן, און ער מוז אַלע אויסהערן, אַלע ענטפערן, און ערשט שפּעט אין דער נאַכט, מיד און אויסגעשעפּט ווי ער איז, זעצט ער זיך אַוועק אויפסניי צו דער אַרבעט, צו דער אַרבעט פון זיין לעבן, דער פילאָזאָפיע פון יידנטום.

אין דער געשיכטע פון יעדער קולטור קומט אַ מאָמענט פון זאַמלונג, פאַרענדיקונג און פון אונטערציען סך־הכלס. אַזוי איז געווען אין דער גריכישער וועלט, דער אַלעקסאַנדרינישער פּעריאָד, ווען פּלאָטינאָס און זיינע תלמידים, די ניי־פּלאַטאָניקער, האָבן דערפירט די גריכישער פילאָזאָפיע, אַזוי רייך אין אידעע און אין ווידערשפּרוך, צו אַ סיסטעמאַטישן אָפּשלוס און צו אַ נייער האַרמאָניע פון די פאַרשידנאַרטיקע עלעמענטן. און אַזאַ צייט איז אויך געווען אין דער געשיכטע פון דער יידישער קולטור אַרום דעם 12־טן יאָרהונדערט. האָבן ביז אַהער די יידן געלעבט, גייסטיק, אין דער אַרביטע פון מזרח, האָט זיך דער שווערפּונקט פון דעם יידישן גייסט אַריבערגעטראָגן אויף דעם מערב. די אַראַבישע סביבה אין שפּאַניע איז אויך געווען אַ מערבדיקע אַטמאָספערע. די אַראַבער האָבן איבערגענומען די ירושה פון די גריכן און זענען געוואָרן די ווייטער־פירער און אויסטייטשער פון דעם גריכישן געדאַנק, פון די מייסטערווערק פון דער אַלט־גריכישער פילאָזאָפיע. פּלאַטאָן און אַריסטאָטעל און זייערע אַלעקסאַנדרינישע, ניי־פּלאַטאָנישע מפרשים, ווי פּאָרפירוס, טעמיסטיוס, א. אז. וו. זענען געוואָרן די לערער פון די אַראַבישע דענקער, און דורך זיי, אַ דאַנק זיי, אויך די לערער און מייסטער פון דער גאַנצער מערב־אייראָפּעישער וועלט. אבו נאַצאר, אָדער ווי ער איז באַקאַנט אין דער געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע אונטערן נאָמען אַלפאַראַבי, אבו בכר, אבן סינא, אָדער דער לעצטער פון זיי אַלע, אבן ראשד, אָדער אוועראָעס, ווי מ׳רופט אים, דער אוועראָעס וואָס האָט „געמאַכט" — ווי דאַנטע זאָגט וועגן אים — „זיין גרויסן פירוש", האָבן געזוכט אין דער גריכישער פילאָזאָפיע

דעם ענטפער אויף די פונדאַמענטאַלע פראַגן פון דער באַציאונג צווישן גאָט און וועלט, די פראַגן וועגן אָנהויב און תכלית און זין, און אין דער ערשטער ליניע — די פראַגן וועגן גאָט.

אין דער אַלט־יידישער פילאָזאָפיע זענען די דאָזיקע אַלע פּראָבלעמען אָנגעדייטעט און אָנגעוואָרפן, אָבער זיי זענען נישט דורכגעפירט געוואָרן ביז צו דער לעצטער קאָנסעקווענץ. דער פרייער צוגאַנג צו די לעצטע פּראָבלעמען — פריי, ווייל נישט רעליגיעז געבונדן און דאָגמאַטיש פּאַרפּיקסירט — האָט געגעבן די גריכישע דענקער אַ מעגלעכקייט פאַרבייצוגליטשן זיך און אויסצומיידן דעם אַנטשיידיקענדן ענטפער. פאַר זיי איז גאָט געווען אַ פּראָבלעם, וואָס מ'האָט געקענט לייזן, אָבער אויך געקענט לאָזן נישט פאַרענדיקט. און ווי דער גרונט־מאָטיוו, אַזוי אויך דער נעבן־מאָטיוו. נאָך אין דער פראַגע פון עטיק און אין אַלע פּראָבלעמען, וואָס זענען נוגע צו דעם לעבן פון דעם מענטשן פון דער וועלט, זענען די ענטפערס פון די גריכישע פילאָזאָפן געווען, אַזוי צו זאָגן, פיל־געשטאַלטיקע. עס האָט געפעלט דער איין און איינציקער צענטער.

און אָט דערגרייכט דער גריכישער געדאַנק צו מענטשן מיט אַן אַנדער איינשטעלונג, מיט אַ גרונט־פאַרשידענעם צוגאַנג, צו מענטשן מיט אַ רעליגיעזער וועלט־אַנשויאונג, און עס קומט דער קאָנפליקט פון אידעען. אין דער אַלט־יידישער וועלט איז עס געווען אַ קאַמף אָן אַ קאָמפּראָמיס. און דער איינציקער וואָס האָט געוואָלט שאַפן אַזאַ מין שותפות, אַ צוזאַמענלעבן צווישן דער גריכישער און יידישער וועלט־אַנשויאונג, אָדער ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, צווישן משה און פּלאַטאָן, איז געווען פילאָן פון אַלעקסאַנדריע. אָבער ער האָט נישט געקענט אַריינדרינגען אין דער ספערע פון דעם יידישן קולטור־באַוואוסטזיין, און ער איז געבליבן איזאָלירט.

אָבער אָט ענדערט די גריכישע פילאָזאָפיע איר קורס. דער גאָט־באַגריף דרינגט אין איר אַריין. דער געפיל פון וועלט-אחריות דרינגט זי דורך און פּלאָטינאָס, דער ניי־פּלאַטאָניקער, איז אַ סך נענטער צו דעם גייסט פון יידנטום, צו דעם צענטער פון דעם יידישן דענקען, איידער עס איז געווען דער ייד פילאָן, דער באַהאַוועגטאר אין מדרשים. און וואָס ווייטער אין דער צייט, וואָס ברייטער די השפעה פון דעם יידנטום, ווערט אַלץ שטאַרקער איר אָריענטאַליזירונג אָדער ריכטיקער — איר אָריענטאַציע, אויף דעם עטישן געדאַנק.

און דאָס איז די פּראָבלעם פון די אַראַבישע פילאָזאָפן. די איינהייט

פון גאָט איז ביי זיי אין צענטער. די פראַגע איז בלויז, ווי איז די באַציאונג צווישן דעם צענטער און דער פעריפעריע? צי איז פאַראַן אַ דירעקטע שייכות און באַרירונג, אָדער זענען די אומגעציילטע ראַדיוסן, וואָס גייען פון דעם צענטער צו דער פעריפעריע, אויך שאַפנדיקע און באַשטימענדיקע כוחות? און אַרום דער דאָזיקער פראָבלעם האָט געקעמפט דער אַראַבישער געדאַנק. האָבן זיך די עלטערע, די אָרטאָדאָקסישע, די אָנהענגער פון דעם אַזוי גערופענעם „קאלאם", געהאַלטן ביי דעם אות פון דער טראַדיציע; זענען די אַנדערע, די זיך דערוויטערנדיקע, אָדער ווי זיי הייסן אויף אַראַביש, מוטאַזאַליטן, געפּרואווט שאַפן אַ סינטעז צווישן דער רעליגיעזער טראַדיציע און דעם אַריסטאָטעלשן געדאַנק. און וואָס איז פאַר זיי אָט דער געדאַנק געווען? עס איז דער פרינציפּ פון פאָרעם און מאַטעריע, אָדער פון גייסט און שטאָף, פון די צוויי שטופעס פון זיין.

אַזוי האָט אַריסטאָטעל געלערנט, עס זענען דאָ צוויי גראַדאַציעס פון זיין: דאָס וואָס איז — „טאָ אָן", און דאָס וואָס איז אין דעם אמתן אופן „אָנטאָס אָן". ביידע עקזיסטירן. ס'איז נישטאָ קיין „נייך" אין דער וועלט, ווי עס האָבן געזאָגט פאַר אים די עלטערע גריכישע פילאָזאָפן און צווישן זיי אויך פלאַטאָן. אָבער די ביידע פאָרמען פון זיין זענען פאַרבונדן צווישן זיך אַזוי, אַז איינע אָן דער צווייטער קען נישט עקזיסטירן, פונקט ווי עס קען נישט זיין קיין געשטאַלט אָן אַ פאָרעם, קיין ליכט אָן דעם, פון וואָס עס שטראַלט אַרויס. הייסט עס, אַ דואַליזם אין דער וועלט, אַ צוויי־טיילונג. און דאָ שטעלט זיך אָפּ דער רעליגיעזער געדאַנק פון דעם מזרח און פרעגט: ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אין אַ וועלט פון איינס זאָל זיין אָט די דאָזיקע צעשפּאַלטונג? דאָס איז נישט בלויז אַ ריין־מעטאַפיזישע פראַגע, נאָר זי איז אויך פאַרבונדן מיט דער גאַנצער וועלט־אויפפאסונג, מיט דער פראַגע פון פרייהייט און נויטווענדיקייט, פון דער אויטאָנאָמיע פון דער מאַטעריע אָדער פון דער אָפּהענגיקייט פון דעם גייסט. די פראַגע פון ווילן, און דאָס הייסט — פון עטיק.

זענען יידישע דענקער צוגעגאַנגען צו דער פראַגע און יעדער פון זיי האָט געזוכט אַן ענטפער אויף זיין אופן; אָבער צום רוב האָבן זיי זיך דערשראָקן פאַר דער דאָזיקער פראַגע און האָבן זיך דערוויטערט פון דער פראָבלעם. אַזוי ר' סעדיה גאון אין זיין „אמונות ודעות", אַזוי בחיה אבן פאקודה אין זיין „חובת הלבבות",

אָדער ר׳ יהודה הלוי אין דעם „כוזרי". זיי האָבן זיך אַלע באַהאַלטן אונטער דעם מאַנטל פון דער טראַדיציע, פון דעם דת: אַט אַזוי האָבן די חכמים געזאָגט, אַז מען טאָר נישט פאָרשן „מה למעלה" און „מה למטה", אַז מען טאָר נישט גיין צו ווייט אין „פרדס", סיידן בלויז ווי ר׳ עקיבא, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם לעצטן „את", דאָס הייסט — ביי דער פּראָבלעם פון גאָט. דער איינציקער וואָס האָט געוואגט איז געווען שלמה אבן גבירול, און דערפאַר איז אויך זיין פילאָזאָפישע אַרבעט, דער „מקור חיים", וואָס האָט געהאַט אַזאַ געוואַלדיקע ווירקונג אויף דער גאַנצער מיטלאַלטערלעכער פילאָזאָפיע, געבליבן אַ פאַרשלאָסן בוך ביי יידן. ווייל אבן גבירול האָט אַוועקגעשטעלט שאַרף און קאַטעגאָריש די פּראָבלעם פון פאָרעם און מאַטעריע און האָט אָקצעפּטירט דעם וועלט־דואַליזם.

אָבער דער פילאָזאָפישער געדאַנק ביי יידן האָט געגאָגט איז געפאָדערט אַן ענטפער. נישט קיין מיסטישן, נישט קיין טראַדיציאָנעלן, נאָר אַ ראַציאָנעלן. האָט זיך אבן דאוד פון טאָלעדאָ (דער ערשטער ראב"ד) געפּרואווט אין זיין „אמונה רמה" ווייטער צו שפּינען דעם אַריסטאָטילשן געדאַנק; אָבער אויך זיין ענטפער האָט ניט באַפרידיקט. דער יידישער גייסט בלאָנדזשעט און זוכט אַ פאָרמולע פון דער וועלט. און די אויגן ווענדן זיך צום רב פון קאַירא, צו דעם קאָדיפיקאַטאָר פון דעם יידישן געזעץ, צו דעם רמב"ם. דעם רמב"מס תלמיד, דער יונגער יוסף בן יהודה, פרעגט אים אַ פראַגע און דער לערער ענטפערט. און דער ענטפער איז: דער „דאַלאַלאַט אל חאירין", דער פירער פון די פאַרבלאָנדזשעטע, דער „מורה נבוכים".

דער רמב"ם דערמאָנט זיך אין דער פילאָזאָפיע, וואָס ער האָט געלערנט אין דער שולע פון קאָרדאָווע, דער שיטה פון אבו בכר; ער פאַרטיפט זיך אין דער רייכער אַראַבישער ליטעראַטור, אין די קאָמענטאַרן פון אבן ראשד און, דער עיקר, אין די מייסטערווערק פון אַריסטאָטעל. ער אַרבעט דורך די ווערק פון זיינע פאָרגענגער אין דער יידישער וועלט, אָבער ער נעמט צו זיי נישט קיין דירעקטע שטעלונג, ווי זיין מנהג איז געווען. ער איז אויסן דעם תוך און נישט קיין פּאָלעמיק אָדער קריטיק.

דער תוך איז — ווי אַזוי אַריינצוטראָגן דעם וויסנשאַפטלעכן גייסט און סיסטעמאַטישן דענקען און שטרענג־לאָגישן אַנאַליז אין דער יידישער פילאָזאָפיע פון דער וועלט. און זיין אויפטו איז געווען,

מער פון אַלעמען, אַ מעטאַדאָלאָגישער. ער האָט פאַר זיך געהאַט די אייגענע פּראָבלעם, ווי אונטער אַנדערע באַדינגונגען און אונטער אַנדערע פאַראויסזעצונגען, עטלעכע הונדערט יאָר שפּעטער, עמאַנועל קאַנט. אויך קאַנט האָט זיך געשטעלט די פראַגע: „וואָס פאַר אַ גאַראַנטיע האָבן מיר, אַז די לעצטע גרונטלאגן פון אונדזער וויסן זענען ריכטיק?" די דערפאַרונג האָט עס אונדז נישט באַוויזן, לאָגיש קען מען זיי נישט באַגרינדן; דערפאַר מוזן זיי זיין אויסער דערפאַרונג און איבער דעם פאַרנונפט און דערפאַר אַ פּריאָרי — דאָס הייסט, איבער יעדער דערפאַרונג. און ערשט ווען די דאָזיקע זיכערקייט איז געגעבן ווערט די דערפאַרונג לעגיטימירט.

און אָט דעם מעטאַדאָלאָגישן חידוש האָט דער רמב"ם אויפגעטאָן אויף זיין אופן און אין זיין טערמינאָלאָגיע בנוגע צו די גרונט־פּראָבלעמען אָדער, ריכטיקער, צו דער גרונט־פּראָבלעם פון גאָט. און ער שטעלט אויף דעם גרונט־פּרינציפּ: גאָט איז איבער יעדער דערפאַרונג, נישט נאָר פון די חושים, נאָר אויך פון דעם שכל; וועגן גאָט קען מען גאָרנישט זאָגן, אַחוץ איין און איינציקע זאַך: „ער איז". אַלע ווערטער וועגן אים זענען ווערטלאָז, ווייל זיי קענען נישט אויסדריקן, אין קיין שום זין, זיין לעצטן תמצית; און ווען מ'זאָגט איינס דאָס הייסט, גאָט איז איינער, האָט דאָס וואָרט איינס נישט קיין אַריטמעטישן זין, ווייל יעדער איינס זעצט אַרויס אַ פאָרזעצונג, איז אַן אָנהויב פון עפּעס; די איינהייט פון גאָט אָבער איז אַזעלכע, וואָס איז נישט קיין צאָל, נאָר אַ באַגריף און אידעע. און אַלע אַטריבוטן וואָס מ'שרייבט צו צו גאָט האָבן בלויז דעם זין פון אַ משל, פון אַ בילד, דערגרייכן אָבער נישט צום תוך. עס איז דערפאַר, זאָגט, דער רמב"ם (מורה נבוכים קאַפּ 48) נישט נאָר זינלאָז, נאָר אויך אַ דערנידערונג פון גאָט, דאָס הייסט — פון אונדזער גאָט־באַגריף, ווען מ'באַשיט אים מיט אַלערליי לויבגעזאַנגען און מיט די געהויבנסטע ווערטער. „משל למה הדבר דומה? עס איז געגליכן, זאָגט ער, צו אַ מלך וואָס פאַרמאָגט מיליאָנען פון גאָלדענע דינארן און דאָ קומען לויב־זינגער און באַזינגען זיין זילבער". נעגאַטיוו אין דעם זין, אַז מען קען פון אים גאָרנישט זאָגן מער און דענקען, אַחוץ דעם אַז ער איז און אַז אין אים איז דער שורש פון אַלעמען וואָס עס איז פאַראַן. און אַזוי ווי ער איז איינער און אַן אומגעטיילטער, זענען אַלע חקירות וועגן דער צעטיילונג פון זיין עצם אין דעם וועלט־שכל, די וועלט־סיבה און דעם ערשטן באַוועגער, אויך בלויז קינסטלעכע

און אומלאָגישע. פּאַרקערט — ער איז דער פּועל און צורה און תכלית, און אַלע דריי קוואַליטעטן שטאַמען פון דעם איינציקן קוואַל, זענען דער אויסדרוק פאַר דער דאָזיקער איין און איינציקער שעפערישער אַקטיוויטעט (מורה נבוכים קאַפּ. 69).

פון דער דאָזיקער הנחה פירט דער רמב״ם אַרויס, מיט דעם גאַנצן לאָגישן אַפּאַראַט פון זיין דענקען, דעם צווייטן גרונטזאַץ פון זיין סיסטעם, דעם פּרינציפּ פון „חידוש העולם״ אין דעם קעגנזאַץ פון „קדמות העולם״, דאָס הייסט — די דערשאַפונג און נישט די אייביקייט פון דער וועלט. אָט דאָ צעגייט ער זיך, נישט נאָר מיט די אַראַבישע פּערפּאַטעטיקער, נישט בלויז מיט אַריסטאָטעל, נאָר אויך מיט אַ סך פריערדיקע יידישע דענקער. און די פּראָבלעם איז אַ סך טיפער ווי עס קען זיך אויסווייזן. ווייל עס איז קלאָר: אויב די וועלט איז אייביק, דאָס הייסט, עקזיסטירט פאַר זיך אַליין מיטן גלייכן רעכט ווי דער גייסט, די אידעע אָדער גאָט, דאַמאָלסט איז דער פּרינציפּ פון דער גאָט־איינהייט אוממעגלעך. ווייל צוויי סובסטאַנצן צוויי מהותים, צוויי אַ פּריאָריס, זענען לאָגיש אַבסורד. דער רמב״ם גייט אין דעם פּרט נאָך אַ סך ווייטער, ווי די יידישע טראַדיציע. ער דערקלערט אָפן, אַז ער נויטיקט זיך גאָרנישט אין באַווייזן פון דער תורה און אַז ער וואָלט געקענט טייטשן פּסוקים ווען ער וואָלט געוואָלט. אָבער ער שטיצט זיך הויפּטזאַכלעך, און כמעט אויסשליסלעך, אויף דעם לאָגישן אַרגומענט, אויף דער צווינגענדיקער נויטווענדיקייט פון דעם פאַרשטאַנד.

און ערשט נאָכדעם ווי ער האָט גובר געווען די ערשטע צוויי שוועריקייטן, ערשט ווען ער האָט זיך אָפּגעשיידט, זיך און דעם יידישן געדאַנק, פון דעם גריכישן דענקען, ערשט דאַמאָלסט פילט ער זיך פריי צו ווערן אַ שותף מיט, אָדער אַ תלמיד פון, אַריסטאָטעל. אין דער פיזיק, אין דער פּסיכאָלאָגיע, אין דער לערע פון דער מאַטעריעלער וועלט זענען נישטאָ קיין גרענעצן צווישן חקירה און פילאָזאָפיע. יידיש אין דער מעטאַפיזיק, ווערט ער אַלגעמיין מענטשלעך אין דער שיטה פון דער עקזיסטירנדיקער וועלט.

און ער זוכט צו דערנענטערן דעם יידישן געדאַנק צו דעם וועלט־געדאַנק אין אַלע פּרטים פון דעם מענטשלעכן לעבן. ווייל סוף כל סוף איז די גרונט־פּראָבלעם פון זיין גאַנצן ווערק — די מענטשלעכע און ער לערנט מיט מענטשן, מיט די פאַרבלאָנדשנדיקע און זוכנדיקע, די תורה פון מענטשלעכקייט. און עס ציט זיך דער

פאַדים פון זיין מעטאַפיזיק צו זיין עטיק, פונקט ווי דאָרט, אין דער ספערע פון אידעען, איז פאַראַן אַ גלידערונג און אַ שטאַפּלונג, אַ העכערע מדרגה און אַ נידעריקע מדרגה, אָדער אפילו די העכסטע דערגרייכטע איך נישט צום לעצטן סוף, ווייל אַלצדינג איז בלויז אַ וועג און אַ דערנענטערונג, אַזוי אויך אין דער עטיק, אין דער באַציאונג צווישן מענטש און מענטש. „שתי קצוות הרחוקות זו מזו שבכל דעה ודעה אין דרך טובה. הדרך הישרה היא מידה בינונית". עקסטרעמען זענען שעדלעך; דער בעסטער וועג איז דער מיטלוועג; אַזוי זאָגט דער רמב"ם אין זיין „משנה תורה" און אַזוי, און דערנאָך פאַרשטאַרקט מיט אַ פּאַטעטישן טאָן, אין דעם שלוס פון דעם „מורה נבוכים". דער צוועק פון דעם מענטשן, זאָגט ער, פאַרענדיקנדיק זיין מאָנומענטאַלן ווערק, איז צו זוכן שלמות, די פולקאָמענקייט פון דעם מענטשן, אָבער לויט מעגלעכקייטן, אַזוי ווייט ווי מעגלעך. און אין דעם דאָזיקן רעזיגנירטן און הכנעהדיקן „אַזוי ווייט" איז דער שליסל צו דער רמב"מישער עטיק און צו זיין שיטה וועגן דעם לעבן.

איך וויל נישט און קען זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף די דעטאַלן און אַלערליי פאַרפלאָנטערטע נעבן־פראַגן פון דער רמב"מישער פילאָזאָפיע. עס איז אין יעדער פילאָזאָפישער סיסטעם בלויז פאַראַן איין אידעע, איין צענטער, און פון דער ריכטיקייט פון דער גרונט־אידעע הענגט אָפּ דער ווערט, דער קולטור־ווערט, פון אַ פילאָזאָפישער סיסטעם. די אויספירונגען מעגן זיין אומריכטיק אָדער פאַרעלטערט, די באַווייזן נישט פולקאָמע, אָבער אויב דער קערן איז געזונט ווערט די שיטה פרוכטבאַר. און נישט קוקנדיק אויף דער גאַנצער מיטלאַלטערלעכער פאָרעם, אויף דעם רבנישן אַפּאַראַט, אויף פאַרשידענע ווידערשפּרוכן אין דער סיסטעם פון דעם רמב"ם, — זיין גרונט־געדאַנק פון דער אַפּריאָריטעט פון גאָט און פון דער איין און איינציקער סובסטאַנץ האָט געהאַט אַן אומגעהייערע באַדייטונג פאַר דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון דער יידישער פילאָזאָפיע און אַ גרויסן איינפלוס אויף דער פילאָזאָפיע בכלל. נישט נאָר האָט טאָמאַס פון אקווינא, דער גרינדער פון דער קאַטוילישער פילאָזאָפיע, זיך אָנגעלייגט אויף דעם „מורה נבוכים", — און עס איז באמת פאַראַדאָקסאַל, אַז דער פילאָזאָף פון יידנטום האָט געהאָלפן שאַפן די פילאָזאָפיע פון קריסטנטום, — דאָס אַלץ וואָלט געווען וויכטיק בלויז פון דעם היסטאָרישן שטאַנדפונקט. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז, וואָס

דער רמב"ם האָט אין דער לעצטער דורכאַרבעטונג פון זיין געדאַנק דערפירט צו שפּינאָזאַן.

אין דער מיטלאַלטערלעכער צייט האָט יעדער גרעסערער פילאָזאָף געהאַט אַ טיטול און אַ צונאָמען. איינער האָט געהייסן דער דאָקטאָר אַנגעליקוס (דער מלאכישער דאָקטאָר), אַן אַנדערער — דאָקטאָר סעראַפּיקוס (דער פייערדיקער דאָקטאָר); אַלבערטוס מאַגנוס רופט אָן דעם רמב"ם: דאָקטאָר פידעליס — דער געטרייער. אָבער נישט דאָס איז דער תוך פון דער פילאָזאָפישער און עטישער פּערזענלעכקייט פון רמב"ם. זיין אמתער טיטול וואָלט באַדאַרפט זיין: „דאָקטאָר הומאנוס", דער דאָקטאָר פון מענטשלעכקייט. ווייל מענטשלעכקייט, מענטשלעך לעבן, מענטשלעך גליק איז געווען דער זין און דער צוועק פון דער גאַנצער רמב"משער שאַפונג און דער אינהאַלט פון זיין ווערק. און דאָס איז דער בייטראָג פון דעם יידישן געדאַנק צו דער קולטור־געשיכטע פון דער וועלט: הומאַניטעט, מענטשלעכקייט, אין איר שטאַפּלונג. און מיר האַלטן נאָך ווייט פון דעם לעצטן שטאַפּל.

# הרב יצחק אייזיק הלוי הערצאָג

## „משנה תורה - היד החזקה" פון רמב"ם

אַ טייל מאָדערנע היסטאָריקער האַלטן, אַז דער „מורה נבוכים" איז די העכסטע רעאַליזירונג פון רמב"מס גאונישן מוח, אָבער נאָך מיין מיינונג דאַרף דאָס געזאָגט ווערן גאָר אויף דעם ספר „היד החזקה". צוויי פאָרמען פאַרמאָגט אָט דער דאָזיקער ריזן־ספר: אַ לייכ־טע און אַ שווערע. ווי אַזוי? די לייכטע זייט איז מצד דער שפּראַך. דער ספר איז געשריבן אין משנה־שפּראַך, אַ שיינע און ריינע שפּראַך און מיט אַ פיין־געאָרדנטן, קלאָרן סטיל. יעדער לייענער, בר דעת, וואָס קען העברעיש, וועט לייכט פאַרשטיין דעם רמב"מס ווערטער. אָבער אַז מ'הייבט אָן צו זוכן דעם מקור פון יעדער הלכה און מאַכן אַ פאַרגלייך מיט אַנדערע ערטער וואָס זענען שייך צו דעם ענין און רעווידירן אויף וויפל די רמב"ם־הלכה שטימט מיט דעם תלמוד, אָט דאָ שטויסט מען זיך אָן אויף קאָלאָסאַלע בערג. צי מ'וויל, צי מ'וויל נישט, מוז מען שטוינען אויף דער ריזן־קראַפט פון אַ מענטשלעכן מוח צו קענען שאַפן אַזאַ ריזיק, ברייט־אַרומנעמענדיק ווערק און אַזוי סיסטעמאַטיש — לאָגיש געאָרדנט. צו דעם האָט מען געדאַרפט באַזיצן אַ פענאָמענאַלע טיפע קענטשאַפט אין אַלע צווייגן פון דער תורה, חכמה און וויסנשאַפט. אויסער אין איין אָרט (שקלים פ"ג, הלכה ח') איז מיר נישט באַקענט קיין איין אָרט אין „היד החזקה" וואו דער רמב"ם זאל לאזן אַ זאַך אין ספק. אין געוויסע הלכות, וועלכע זענען געבליבן אין תלמוד ביי „תיקו" — ס'הייסט נישט געקומען צו אַ באַשטימטן באַשלוס, האָט דער רמב"ם יאָ אַרויסגעטראָגן אַ באַשטימטן פסק ההלכה. און דאָס האָט ער געטאָן נישט לויט זיין אייגענער סברה, נאָר לויט געוויסע כללים וואָס ער האָט אויסגעפונען אין אַנדערע ערטער אין תלמוד.

מען האָט אויסצוזעצן קעגן „היד החזקה", פאַרוואָס דער רמב"ם האָט נישט אָנגעגעבן די מקורות און די באַווייזן אויף וועלכע ער שטיצט זיך אין זיינע הלכות. צוליב דעם האָט רבי משה מקוצי, איינער פון די בעלי התוספות, אָנגערופן דעם ספר מיטן נאָמען „אַ חלום אָן אַ באַשייד". דער רמב"ם אַליין האָט אויף דער עלטער באַדויערט אָט דעם דאָזיקן פעלער; אָבער צו באַוואונדערן, אַז גראָד צוליב דעם דאָזיקן חסרון איז דער „היד החזקה" געוואָרן אַ גרויסער

פּרוכטבאַרער כוח אין דער הלכה־ליטעראַטור און האָט אַ סך געהאָלפן צו באַפּעסטיקן די תורה. בקיצור: אין ספר „היד" שטויסן מיר זיך אָן אויף אַ סך שוועריקייטן, וועלכע מען קען זיי טיילן אויף צוויי קלאַסן: א) אַזעלכע הלכות פון רמב"ם וואָס שטימען נישט מיט די וואָס זענען אָנגעגעבן אין תלמוד; ב) אַזעלכע הלכות וואָס זייערע מקורות זענען פון אונדז פאַרהוילן. יעדע שוועריקייט (און פאַראַן אַזעלכע אין די הונדערטער) שאַפט אַ פּראָבלעם, און יעדע אַזאַ פּראָבלעם באַשעפטיקט די חריפות, טיפקייט און בקיאות פון טויזנטער גאונים מיט זייערע תלמידים, פון דאַמאָלסט ביז היינטיקן טאָג. עס זענען פאַראַן הונדערטער ספרים מיט חידושים אויפן ספר „היד החזקה", אויפן גאַנצן, אָדער אויף געוויסע טיילן. און אַ דאַנק דעם זענען נאָך צוגעקומען טויזנטער שאלות ותשובות און חידושים־ספרים אויף ש"ס און פוסקים. ווען נישט דעם חסרון פון רמב"ם, וואָס ער האָט נישט אָנגעגעבן די מקורות, וואָלטן דאָך די אַלע ספרים נישט געווען געקומען אויף דער וועלט.

מען וואָלט געקענט אָנשרייבן אַ גאַנץ ספר וועגן די אַלע קשיות און ענטפערס און אויסזעצונגען אויפן רמב"ם, וואָס געפינען זיך אין דער הלכה - ליטעראַטור. אַממערסטן, מיט וואָס די מחברים באַניצן זיך אָפּט, איז צו באַווייזן אַז די דאָזיקע סוגיא, וואָס ווייזט אויס אַז זי איז קעגן דעם פּסק ההלכה פון רמב"ם, איז נאָר לויט, אָדער דורך, דער שיטה פון אַ געוויסן תנא אָדער אַן אמורא. דער רמב"ם אָבער, צוליב אַ געוויסער אורזאַך, האַלט זיך גאָר ביי דער שיטה פון אַ צווייטן תנא אָדער אמורא, וועלכער קריגט אויף דעם ערשטן. דעם דאָזיקן צוגאַנג געפינט מען שוין אין די תשובות פון רמב"ם. פיל מאָל טרעפט מען אין די סוגיות פון תלמוד, וואו די מיינונגען זענען צעטיילט, און דער רמב"ם, צוליב זיינע טעמים און באַגרינדונגען, האָט אויסגעוויילט צו שטיצן זיך אויף איינעם פון זיי און נישט אויפן צווייטן; אַ צווייטער צוגאַנג איז פאַראַן, ביים לייזן די מיימונישע הלכה־פּראָבלעמען, און דאָס איז צו באַניצן זיך מיטן תלמוד ירושלמי: זייער ווינציק, אפילו צווישן די ראשונים, וואָס זיינען געווען אַזוי קלאָר אין תלמוד ירושלמי ווי דער רמב"ם. בדרך כלל — דער רמב"ם ווייזט אַרויס אַזאַ מין זעלבסטשטענדיקייט, וואָס איז ווייט צו געפינען אפילו צווישן די גדולי הראשונים. און קעגן דעם כלל וואָס עס האָט אָנגעשטעלט דער רי"ף, ווען דער רמב"ם האָט אַזוי שטאַרק

פאַרערלעכס, אַז אומעטום וואו דער ירושלמי שטימט נישט מיטן בבלי איז די הלכה ווי דער בבלי, פונדעסטוועגן פסקנט דער רמב"ם, אין אַ סך פאַלן, ווי דער ירושלמי, ווען זיין שטעלונג זעט אים אויס צו זיין ריכטיקער און לאָגישער.

דעם רמב"מס וואונדערבאַרע בקיאות אין די רייד פון די תנאים פון אויסער דער משנה, האָט אים צוגעבראַכט טייל מאָל צו פסקנען די הלכה לויטן דאָזיקן מקור און נישט צו ווערן באַאיינפלוסט פון די ווערטער אין תלמוד, וואָס זענען געזאָגט געוואָרן לויט זיין מיינונג, אַזוי צופעליק. מיר טרעפן דאָ און דאָרט ביים רמב"ם, וואו דער מקור פון זיין הלכה איז פאַרהוילן פון די שטענדיקע מפרשים פון רמב"ם, ווייזט זיך אַרויס אַז מ'קען דעם מקור געפינען ערגעץ אין אַ ספרא, ספרי, מכילתא אָדער ערגעץ אין אַ מדרש. דער רמב"ם האָט אויסגענוצט אויף אַ וואונדערבאַרן אופן אויך די אגדות פון מדרשים, אפילו די וואָס געפינען זיך אויסער דעם תלמוד. אָט לאָמיר נעמען, למשל, הלכות סנהדרין פרק י"ז, א'. ווי אין דער תורה שטייט איז מלקות פערציק, האָבן די חכמים אָוועקגעשטעלט אויף בלויז נײַן און דרייסיק, צוליב דער זאָרג טאָמער וועט מען נאָך געבן מיט איינס מער. די מפרשים האָבן נישט געקענט געפינען דעם מקור פון דער דאָזיקער הלכה און אָט איז געקומען, שוין אין אונדזער צייט, דער גאון פון דווינסק ז"ל און האָט אָנגעוויזן אויף אַ מדרש רבה פרשת קורח. דאָס זעלביקע אין הלכות כלי המקדש, פרק ב', הלכה י"ג. געפינט מען דעם מקור אין מדרש רבה. טייל מאָל געפינט זיך דער מקור, פון דער מיימונישער הלכה, אין תלמוד גופא, אָבער נישט אין דער מסכתא וואו עס האָט באַדאַרפט זיין נאָר אויף אַ צווייטן פלאַץ, און דאָס אויך נישט בפירוש — נאָר אין אַן אָנדייט. אַ כלל דאַרפן מיר האָבן, אַז אַלצדינג וואָס עס ווערט געזאָגט אין ספר „היד" איז באַזירט אויף אַן אַלטן מקור, צי עס איז געזאָגט געוואָרן בפירוש אָדער אין אַן אָנדייטונג; אויב מיר האָבן נאָך דעם מקור דערווייל נישט אויסגעפונען, מוזן מיר אָנערקענען, אַז אָדער דער מקור איז פון אונדז פאַרלוירן געגאַנגען אין לויף פון דער צייט, אָדער אַז „פאַרלויפיק האָבן מיר נאָך דעם מקור נישט געפונען".

זייער און זייער דאַרף דער לערנער זיין פאַרזיכטיק נישט אָנצורירן אין רמב"מס כבוד, ווארום מיר קענען אים זעמיר דאָך ווי קאַרליקעס אַנטקעגן אַ ריז.

געוויסע מחברים, די מערהייט — פון די חכמי ספרד, האָבן אָװעקגעשטעלט אַ צאָל כללים, לויט װעלכע דער רמב״ם זאָל האָבן געהאַט אַלס באַזע ביים פעסטשטעלן אַ הלכה. אַ טייל פון אָט די כללים געפינט מען אין דעם קיצור פון „הכנסת הגדולה״, וואָס איז דערשינען אין דער ווילנער אויסגאַבע פון שולחן ערוך־אורח חיים, און אַ טייל איז אַרויס אין געוויסע אויסגאַבעס פון „היד החזקה״. דעם אמת געזאָגט דאַרף מען גוט אונטערזוכן אָט די אַלע כללים, צי זיי זענען ריכטיק, כאָטש די מחברים זייערע זענען געווען באַרימטע גאונים. איינער פון די דאָזיקע כללים איז, אַז אין הלכות וואָס גייען שוין נישט אָן אין היינטיקער צייט רעכנט זיך נישט דער רמב״ם מיטן תלמוד אין פאַל פון מחלוקות, נאָר ער פסקנט לויט זיין אייגענעם פאַרשטאַנד און איינזען; נאָך מיין באַשיידענער מיינונג איז דאָס נישט ריכטיק, ווייל מיר האָבן פאַר זיך אַ סך אַזעלכע פאַלן, וואו מיר זען אַז דער רמב״ם האָט זיך יאָ געשטיצט אויפן תלמוד. וואָלט דען נישט ריכטיק געווען אַז אַ נייע אויספאָרשונג זאָל איינגאַנצן צעקלאַפּן אָט יענע אָנגעגעבענע כללים? ווידער מוזן מיר נעמען אין אַכט אַ באַזונדערן פאַקט: דער רמב״ם אין זיין הקדמה צו דער משנה דערמאָנט אַ גמרא פון תלמוד קדשים, וואָס פאַר אונדז עקזיסטירט שוין גאָרנישט אָט די גמרא. צי איז דען נישט מעגלעך אַז אויך אין אַ סך אַנדערע ערטער האָט זיך דער רמב״ם סומך געווען אויף אַזעלכע מקורות, וועלכע זיינען פון אונדז שוין לאַנג פאַרלוירן געגאַנגען?

ענדלעך געפינען מיר אויס, אַז געוויסע שוועריקייטן אין רמב״ם ווערן לייכט פאַרענטפערט דורך אויסבעסערונגען אין די גירסאות, און אַזוי אַרום פאַלן אַוועק פון דעם די השגות פון ראב״ד, ווען מיר אַנטדעקן אַז דער רמב״ם האָט אָנגענומען אַן אַנדער גירסא אין מקור. פאַראַן אויך ערטער וואו דער ראב״ד אַליין אַנערקענט דאָס. אויך זענען פאַראַן אַזעלכע שוועריקייטן וואָס זענען געקומען דורך געוויסע סופר־טעותים.

מיר דאַרפן שטענדיק געדענקען, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ גאון אדיר פון דער העכסטער מדרגה, מיט איינעם פון די ליכטיקסטע מוחות, מיטן קלאָרסטן און טיפסטן פאַרשטאַנד, וואָס נישט נאָר יידן, נאָר אויך די גאַנצע מענטשהייט האָט עס פעסטגעשטעלט. דאָס וואָס פאַר אונדזערע אויגן קען זיך אויסדאַכטן צו אַבסטראַקט איז

עס פאַרן רמב"מס גאונישן שכל געווען נישט מער ווי אַ טיפער אַריינדרינג און דעם פשוטן פשט.

די גאונות פון רמב"ם אַלס בעל הלכה איז געגנוג קלאָר און באַקאַנט אומעטום. אָבער אַמשאַרפסטן קומט דאָס אַרויס אין די חלקים פון ספר „היד החזקה" אין וועלכע קיינער האָט אים נישט געפעדערט. אין יענע הלכות וואָס גייען אָן אין יעדער צייט און אין יעדן אָרט האָט דאָך דער רמב"ם געהאַט פאַר זיך אַ פריערדיקע אַרבעט פון רי"ף, ווען דער רמב"ם האָט שטאַרק פאַרערלעכט און געזאָגט אויף אים, אַז זיינע גרייזן זענען אין קלענסטן מינימום. אָבער אין די סדרים זרעים, קדשים און טהרות האָט דער רמב"ם געאַרבעט אינגאַנצן אַליין. אין סדר טהרות האָט ער אפילו נישט געהאַט פאַר זיך קיין גמרא וואָס זאָל אים פירן. ווען מיר טראַכטן זיך אַריין אין זיין אַרבעט אינעם דאָזיקן חלק התורה קענען מיר נאָר שטוינען, באַוואונדערן און איבערראַשט ווערן.

און אין דער אמתן, פון זיין צייט ביז היינט האָבן אַלע גדולי ישראל און די גרעסטע חכמים און לומדים זיך באַשעפטיקט מיט דעם רמב"מס ספרים און יעדעס מאָל האָט מען אַנטדעקט אין זיי נייע פערל, וועלכע פאַרלייכטן די אויגן און דערפרייען די הערצער. און איצט, צו זיין זיבנהונדערט און פופציקסטן יאָרצייט, דאַרפן מיר, און מיר זיינען מחייב, צו ציען ווייטער דעם גאָלדענעם פאדים פון רמב"מס לערע, צו לערנען זיינע ספרים און פאַרטיפן זיך אין זיי, און דאַמאָלסט וועלן מיר וויסן און פאַרשטיין דעם היד החזקה אשר עשה משה לעיני כל ישראל.

איבערגעזעצט פון העברעיש — מאיר קאָראָנאַ.

# ד״ר. ישראל צינבערג

## „מורה נבוכים" פון רמב״ם.

אין קיין אַנדער ווערק האָט זיך נישט אַזוי בולט אָנטפּלעקט דעם רמב״מס פּערזענלעכקייט ווי אין דעם פילאָזאָפישן חקירה־ספר „מורה נבוכים", וואָס איז געשריבן אין אַראַביש, אין פאָרעם פון אַ פריינדלעכער געשפּרעך צו זיין געליבטן תלמיד, יוסף בן יהודה עקנין. זייער כאַראַקטעריסטיש איז שוין די הקדמה, וואו דער מחבר שטרייכט אונטער, אַז דער דאָזיקער ספר איז כלל נישט פאַרן פשוטן עולם און אויך נישט פאַר די לומדים, וואָס זיצן כל ימיהם אויסשליסלעך איבער דער גמרא. „מיין ווערק איז געשריבן נאָר פאַר די, וואָס האָבן זיך פאַרטיפט אין חכמת הפילאָזאָפיע און זיינען שטאַרק צעמישט און צעטומלט דורך דעם, וואָס זיי דאכט זיך אַז עס איז פאַראַן אַ סתירה צווישן דעם פילאָזאָפישן אמת און אייניקע פרטים פון דער תורה.

אין טאָקע דערביי דערקלערט מיימוני, אַז ער האָט מיט אַ כיוון אויסגעדריקט זיינע געדאַנקען נישט אין אַ לייכט פאַרשטענדליכער פאָרעם, בכדי די אמתן וואָס ווערן דערפאַרשט אין דעם דאָזיקן ספר זאָלן בלייבן פאַרהוילן פאַרן המון. גאָט איז מיין עדות — זאָגט ווייטער דער רמב״ם — אַז איך האָב זיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל איך פאַרעפנטלעכן דאָס דאָזיקע ווערק, וואו עס ווערן צום ערשטן מאָל באַהאַנדלט ביי אונדזער פאָלק, אַזעלכע וויכטיקע און פאַרבאָרגענע ענינים... עס שטייט אָבער: „עת לעשות לד' הפרו תורתך" — עס איז אַ חוב צו טאָן פון גאָטס נאָמען וועגן, ווען די תורה איז אין געפאַר... מיט איין וואָרט: איך בין דער מענטש וואָס קען נישט אַנדערש, ווי נאָר איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער דורכן שכל לאָגיש־באַגרינדערטער אמת קען געלערנט און פאַרעפנטלעכט ווערן נאָר אין אַזאַ פאָרעם און אויף אַזאַ אופן, אַז ער וועט באַפרידיקן און באַגייסטערן נאָר דעם אויסדערווילטן יחיד און וועט דערביי אויפרייצן צענער טויזנטער נאַראָנים — וועל איך דאָך דעם אמת אַרויסזאָגן אָפן, בכדי אויפצוקלערן און באַהילפיק זיין אָט דעם איינציקן, דעם אויסדערוויילטן, און איך וועל מיך נישט יאָזן אָפּשרעקן דורך די אָנפאַלן און געשרייען פון דעם פינצטערן המון".

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז דער רמב״ם האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע שלום צו מאַכן אין אַלץ צווישן דער אַראַביש־גריכישער פילאָזאָפיע און דער יידישער אמונה. דער „מורה נבוכים״ איז כלל נישט קיין אַפּאָלאָגעטיש בוך. אין פולשטענדיקן קעגנזאַץ צו יהודה הלוי, איז דער רמב״ם געווען פעסט איבערצייגט, אַז די רעליגיעזע דעות פונעם יידישן פאָלק בעשטעטיקן אויפן בעסטן אופן אַריסטאָטעלס פילאָזאָפישע אידעען, און אַז די אמתן וואָס זיינען אַנטפּלעקט געוואָרן דורך דער געטלעכער התגלות קענען בשום אופן נישט סותר זיין די מסקנות צו וועלכע דעם מענטשנס פאָרשער־געדאַנק איז געקומען. וואָרים ביים רמב״ם איז גאָר קיין שום ספק נישט געווען, אַז די פילאָזאָפיע, דער שאַרפער פאָרשער־געדאַנק, איז נישט קיין ווייניקער זיכערע קוועלע צו דערגרינדן דעם אמת, ווי די געטלעכע התגלות. דאָרט וואו דער אמת איז בולט און קלאָר — זאָגט דער רמב״ם — איז קיין שום נפקא מיניה נישט צי עס האָט אים אַנטפּלעקט דער נביא על פי רוח הקודש אָדער אים האָט גאָר אַרויסגעזאָגט אַן אַנדערש־גלויביקער.

דער רמב״ם האָט כלל נישט געקענט מסכים זיין מיט הלוים באַהויפּטונג, אַז דער „גאָט פון אברהם״ אונטערשיידט זיך זייער שטאַרק פונעם „גאָט פון אַריסטאָטעל״. דער מחבר פון „מורה נבוכים״ איז דווקא געווען פעסט איבערצייגט, אַז בנוגע דער גאָטהייט־אידעע זיינען נישטאָ קיין תילוקי דעות צווישן אַריסטאָטעל און תורת משה, און אַלע, די אמתן, וואָס עס לערנט די פילאָזאָפיע ווערן אויך אַרויסגעזאָגט און באַשטעטיקט אין דער ביבל און אין תלמוד. די אָבער וואָס מיינען אַז עס זיינען יאָ פאַראַן סתירות צווישן דער פילאָזאָפיע און דער אמונה, האָבן פשוט אַ טעות. און דער טעות נעמט זיך, לויט דעם רמב״מס מיינונג, דערפון וואָס מ׳פאַרשטייט פאַלש דעם פשט פונעם ביבלישן טעקסט. מיימוני רעדט דערפאַר מיט גרויס ביטול וועגן די „אָרעמע״ מפרשים, וואָס האַלטן פאַר דער וויכטיקסטער וויסנשאַפטלעכער אויפגאַבע ווערטלעך צו דערקלערן דעם טעקסט. ער אָבער זעט דעם עיקר, נישט אין „ידיעת פירוש המלות״, נישט אינעם „פשט״, נאָר אינעם „משל״, אינעם „רמז״. וואָרים דער שלום צווישן תורת משה און דער גריכישער פילאָזאָפיע ווערט ביים רמב״ם דערגרייכט אויף דעם אייגענעם דרך ווי ביי פילון (ידידיה האלכסנדרוני) בשעתו: דורך דעם וואָס דער ביבלישער טעקסט

ווערט אויסגעטייטשט אויף אַ ריין אַלעגאָרישן אופן. אין אַלע מעשיות און אגדות פון דער ביבל האָט מיימוני, דער שטרענגער ראַציאָנאַליסט, געזען לויטער אַלעגאָריעס, וואָס אַנטפּלעקן בדרך משל און רמז די וּעלביקע אידעען און געדאַנקען, אויף וועלכע דער גרויסער אַריסטאָטעל האָט געבויט זיין פילאָזאָפישע סיסטעם.

דער באַקאַנטער דענקער שלמה מיימון דערציילט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, מיט גרויס התפעלות, אַז אַלץ וואָס ער האָט דערגרייכט אויפן געביט פון בילדונג און וויסן האָט ער צו פאַרדאַנקען אויסשיסלעך דעם רמב״ם. אָבער דערביי גיט ער גלייך צו: „אַזאַ גרויסן רושם האָט אויף מיר געמאַכט נישט אַזוי דעם רמב״מס שיטה, ווי דער שטאָלצער שוואונג פון זיין פאָרשער־געדאַנק, וואָס האָט נישט געוואָלט וויסן פון קיין שום גרענעצן, אויסער די גרענעצן פון שכל גופא, און זיין אומבאַגרענעצטע ליבע צום אמת וואָס איז ביי אים געווען העכער פון אַלץ אין דער וועלט״.

בכדי זיך איבערצייגן וויפל אמת עס שטעקט אין דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטיק, איז גענוג דורכצולייענען די שיינע בלעטער אינעם „מורה נבוכים״, וואו דער רמב״ם האַלט מלחמה מיט דער רוטינע און דער פּחדנות פונעם מענטשלעכן געדאַנק, דורך דער התבטלות און בלינדן גלויבן אין די אויטאָריטעטן, און אַלץ וואָס איז אָנגענומען פון אבות אבותינו, און וואָס ס׳געוועלטיקט איבער אונדז מיטן כּוח פון דער מסורה, פונעם פעסטגעשטעלטן מנהג. אָט אין דער בלינדער ליבע פון המון צום אַלטעגלעכן, צום לאַנגאָנעדיקן און אַלטבאַקאַנטן, אין זיין חשד און שנאה צום נייעם און אויסערגעוויינלעכן — זעט דער רמב״ם דעם פאַרביטערסטען שונא פונעם אמתן וויסן, דעם געפערלעכסטן שטרויכל־שטיין אויפן וועג פון זוכן און דערפאָרשן דעם אמת.

דעם רמב״מס רעליגיעז־פילאָזאָפישע סיסטעם איז בלי ספק אַ הארמאניש־גאַנצער בנין; יעדער טייל איז קונציק און שכלדיק צוגעפאסט צום צווייטן. קלאָר און ליכטיק איז אין דעם דאָזיקן בנין, נאָר... קאַלט און אומגעמיטלעך פאַר דער פאַרבענקטער, הייס־גלויבנדיקער נשמה... דער רמב״ם האָט אָנערקענט בלויז דאָס, וואָס עס קען דערוויזן ווערן על פי השכל און אויף וועלכן דער פאַרשער־געדאַנק גיט דערויף זיין הסכמה. לויט זיין וועלט־אויפפאסונג באַשטייט דער הויפּט־צוועק פונעם מענטשן אין פילאָזאָפישע חקירה,

אינעם אויספאָרשן די נאַטור־געזעצן און קודם כל — אינעם שטרעבן צו דערקענען און משיג זיין דעם בורא עולם.

ווי קען מען אָבער משיג זיין דעם בורא עולם?

קיינער ביז דעם רמב"ם האָט נישט אַזוי טיף און גלענצנדיק־באַוויזן, אַז די השגות וואָס דער מענטש קען האָבן וועגן דער גאָטהייט מוזן זיך באַגרענעצן אויסשליסלעך מיט ריין נעגאַטיווע (פאַרניינענדיקע) אייגנשאַפטן. דעם מענטשנס שפּראַך איז דאָך אַזוי בלאָס, אַזוי אָרעם; זי איז נישט אינשטאַנד צו געבן אַן אמתן און ריכטיקן באַגריף וועגן דעם מהות פון זאַכן און דערשיינונגען וואָס רינגלען אַרום דעם מענטשן און פילן אָן דעם חלל פון דער וועלט. דער מענטש באַנוצט זיך מיט ווערטער — בילדער, ווערטער — סימבאָלן, און מיט זייער הילף דערוועקט ער אין דעם צווייטן באַשטימטע פאָרשטעלונגען און באַגריפן. ווי איז אָבער מעגלעך צו געבן מיט בילדער און צייכנס אַ באַגריף וועגן דעם וואָס האָט נישט קיין געשטאַלט און קיין בילד? ווי קען מען רעדן וועגן געטלעכע אַטריבוטן און אייגנשאַפטן, בעת אַלע שבחים און לויב-ווערטער וואָס זענען פאַראַן אין דער מענטשלעכער שפּראַך, זענען דאָך צוגעפּאַסט בלויז צו ריין מענטשלעכע השגות; זיי שפּיגלען אין זיך אָפּ די מענטשלעכע געפילן און באַגערן. דער מהות פון גאָט אָבער איז דאָך אַ גאַנץ אַנדערער! ווי קענען מיר זאָגן די ווערטער: „גאָט לעבט" אַז דער באַגריף „לעבן" איז ביים מענטשן ענג פאַרבונדן מיטן סוף פון לעבן — טויט. דאָס איז דאָך אָבער בלויז גילטיק אין דער מאַטעריעלער, קערפּערלעכער וועלט, און צום גאָט־באַגריף קען דאָס קיין שום שייכות נישט האָבן. מיר זאָגן ווידער: גאָט איז אייביק. דער באַגריף „אייביק" איז דאָך אַ פּועל יוצא פונעם צייט־באַגריף, און גאָט שטייט דאָך איבער דער צייט, ער איז דאָך אויסער איר, א. אז. וו. א. אז. וו.

עס איז קלאָר — פּירט אויס דער רמב"ם — אַז דעם מענטשנס שפּראַך איז נישט אינשטאַנד אויסצודריקן גאָטס שלימות. מיר וועלן דעריבער זיין נענטער צום אמת, בעת מיר וועלן בנוגע צו גאָטס מהות און זיינע אייגנשאַפטן געברויכן נישט דעם „יאָ", נאָר דעם „נישט". עס איז פיל ריכטיקער ווען מיר זאָגן: גאָט איז נישט איינער צווישן אַנדערע, ער איז נישט באַגרענעצט אין זיין מאַכט, ער איז נישט קערפּערלעך א. אז. וו.

דער רמב"ם פאַלט דעריבער שטאַרק אָן אויף די „משוררים והמליצים", וואָס באַקרוינען גאָט אין זייערע פּיוטים מיט אַזויפיל שבחים און געשטאַלטונגען. דער רמב"ם רופט אָן, אָט די דאָזיקע דיכטער, פשוט „פּתאָים" — נאַראַנים. און זייערע תפילות און פּאָעטישע שאַפונגען, וואו עס ווערט גערעדט וועגן גאָט אין בילדער־שפּראַך — זאָגט דער רמב"ם — איז נישט אַנדערש ווי גאָט לעסטערונג.

זייער כאַראַקטעריסטיש איז דאָס לעצטע קאַפּיטל פון דעם „מורה נבוכים", וואו דער רמב"ם רעדט וועגן פיר מדרגות פון שלימות. די ערשטע, נידעריקסטע מדרגה — דאָס זיינען מאַטעריעלע רייכטימער; די צווייטע — קערפּערלעכע שלימות; די דריטע — מאָראַלישע שלימות. אָבער — גיט צו דער מחבר — אויך די דריטע מדרגה דאַרף מען באַטראַכטן נאָר ווי אַ מיטל, אָבער נישט ווי אַ זעלבסטצוועק. מאָראַל און יושר — זאָגט דער רמב"ם — שפּילט יאָך אַ ראָל נאר אין געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן, נאָר בין אדם לחברו. באַטראַכט מען אָבער דעם מענטשן אַלס יחיד, אויסער דעם קיבוץ, פאַרלירן דאָך דאַמאָלסט יושר און מאָראַל זייער גאַנצן ווערט. די העכסטע מדרגה פון שלימות איז אָבער די פערטע — די שלימות פון שכל. ווען דער מענטש דרינגט אַריין אין דער טיפעניש פון דער אידעען־וועלט און באַקומט אַ ריכטיקן באַגריף וועגן דער גאָטהייט. „אָט דאָס — דערקלערט דער רמב"ם — און נאָר דאָס הייסט אמתע שלימות. נאָר דערמיט קויפט זיך דער מענטש אומשטערבלעכקייט און פאַרדינט צו טראָגן דעם נאָמען מענטש".

בנוגע צו די מאָראַליש־עטישע אויפגאַבן פונעם מענטשן און די צילן און צוועקן פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, איז דער רמב"ם, ווי מיר זען, אַריסטאָטעלס אַ געטרייער תלמיד, ווי אַריסטאָטעל אַזוי האָט אויך מיימוני געזען דעם מענטשנס העכסטן גליק און פאַרגעניגן אויסשליסלעך אינעם פאָרשן, אין דער טעטיקייט פון שאַרפן שכל; די מאָראַל איז בלויז דער פּועל יוצא פונעם פּרקטישן פאַרשטאַנד און זיין טעטיקייט. זי האַלט אין צוים אונדזער ווילן און צווינגט אים אַז ער זאָל נישט אַרויס פון גלייכן וועג, ער זאָל זיך נישט דערלויבן קיין שעדלעכע עקסטרעמען און זיך פעסט האַלטן אין דעם „גאָלדענעם מיטל".

דעם רמב"מס ראַציאָנאַליסטישע פאָן מיט איר שטאָלצן דעוויז

„שלטון השכל” האָט שפּעטער אַרויסגערופן אַ פאַרביטערטן קאַמף אין געוויסע שיכטן פון יידישן פאָלק. נאָר זיינע באַרימטע ווערק זיינען אין משך פון לאַנגע דורות געווען דער מיטלפּונקט, וואו עס פלעגן זיך צוזאַמענשטויסן די וויכטיקסטע שטרעמונגען אין דער יידישער קולטור. זיין „מורה” איז יאָרהונדערטער לאַנג געווען דער זיכערער און געטרייער „וועגוויזער” פאַר אַלע וואָס בלאָנדזשען, זוכן און קעמפן פאַרן פרייען געדאַנק. דאָס דאָזיקע טיפע ווערק מיט זיין מעכטיקן שוואונג פונעם פילאָזאָפישן פאָרשער־געדאַנק און מיט זיין אומדערמידלעכן אמת ־ זוכן איז געווען דער געטרייער וועקער, וואָס האָט גערופן צו אַ נייעם לעבן, געוועקט פונעם גייסטיקן שלאָף, נישט נאָר אַזוינע גאוני הרוח ווי שפּינאָזאַ, שלמה מיימון און מענדעלסאָן, נאָר אויך טויזנטער פשוטע יונגעלייט, וואָס זיצנדיק אין די ישיבות און בתי מדרשים האָבן זיי געלעכצט נאָך ליכט און וויסן...

ש. צ. זעצער

# דער פירוש המשניות פון רמב"ם

דעם פירוש המשניות זיינעם, וועלכער ווערט פון אים אויך מיט דעם נאָמען „מאור" באַצייכנט, האָט דער רמב"ם אָנגעהויבן צו שרייבן, ווען ער איז אַלט געווען דריי און צוואַנציק יאָר, און פאַרענדיקט האָט ער אים אין זיבן יאָר אַרום, ווען עס איז אים דרייסיק יאָר געוואָרן.

און נישט שטענדיק, ווען ער איז פאַרנומען געווען מיט דעם שרייבן פון דעם דאָזיקן חבור, האָט ער דעם נויטיקן פאַר אַזאַ אַרבעט מנוחת הגוף והנפש געהאַט. די מערסטע יאָרן, וואָס די דאָזיקע אַרבעט האָט אים געהאַלטן באַשעפטיקט, האָט ער אין וואַנדערונגען פאַרבראַכט, טראָגנדיק זיך אויף שיפן פאַרשידענע איבער די וואַסערן פון ימים פילע און וואָגלענדיק פון איין לאַנד אין אַן אַנדער לאַנד און פון איין שטאָט אין אַ צווייטער שטאָט, איבערלעבנדיק פאַר דער גאַנצער צייט פיל צער און יסורים אַלערליי. נאָר אַ פּאָר יאָר האָט ער געאַרבעט אויף אים אין אַ מער וויניקער רואיקער אַטמאָספערע, די פּאָר יאָר, וואָס ער האָט געאַרבעט אויף זיין פאַרענדיקונג אין מצרים, וואוהין ער איז אָנגעקומען אין יאָר תתקכ"ה.

דער געדאַנק מיינער — קלאָגט זיך דער רמב"ם אין דעם נאָכוואָרט — „איז די גאַנצע צייט מיט די אנחות הזמן פאַרנומען געווען. מיר האָבן געהאַט צו ליידן פיל פון דער גזירה, וואָס איז אויף אונדז פון גאָט נגזר געוואָרן, מיר זאָלן זיך אין גלות און וואַנדערונגען אַרומטרייבן איבער פאַרשידענע לענדער, פון איין עק הימל ביז דעם צווייטן עק הימל. ער, יתברך ווייסט, אַז אין דעם חבור מיינעם זיינען פאַראַן אַזוינע הלכות, וואָס איך האָב אָנגעהויבן דעם פירוש זייערן אין די וועג רייזן מיינע, און עס געפינען זיך אין אים אויך אַזוינע ענינים, וואָס איך האָב זיי געשריבן — ווען איך האָב אַרויפגעשטיגן אויף די שיפן אויף דעם ים המלח".

דער רמב"ם דערציילט אונדז דאָרטן דאָס אַלעס, ווי ער אַליין דערקלערט אונדז דאָרטן, כדי דאָס זאָל דינען אַלס התנצלות פאַר אים פאַר די פעלערן, וואָס מען וועט אין זיין ווערק געפינען, כדי קלאָר צו מאַכן פאַר דעם לעזער, אַז מען קען נישט דערוואַרטן קיין

געהעריקע שלימות פון אַ ווערק, וואָס ווערט געשריבן אונטער אַזוינע אומשטענדן.

זיין התנצלות איז אָבער אינגאַנצן געווען אָן איבעריקע. זיין פאַרענטפערן זיך איז כלל נישט נויטיק געווען.

די דאָזיקע אַלע וואַנדערונגען, די דאָזיקע אַלע טרויעריקע איבערלעבונגען, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, האָבן נישט געהאַט קיין ווירקונג צום שלעכטן אויף דער אַרבעט זיינער. דאָס דאָזיקע ווערק זיינס צייכנט זיך אין דער גרעסטער מאָס אויס מיט די אַלע מעלות, מיט וועלכע עס צייכענען זיך די אַלע אַנדערע ווערק זיינע אויס. אין פולער שלימות פאַרקערפּערט זעען מיר אויך דאָרטן די דאָזיקע מעלות.

ער האָט זיך נישט באַדאַרפט פאַרענטפערן בנוגע דעם דאָזיקן פונקט, פונקט ווי ער האָט זיך נישט באַדאַרפט פאַרענטפערן — דאָס וואָס ער האָט יאָ געטאָן — דערויף, וואָס דאָס פאַרפאַרטיקן דעם פירוש המשניות האָט ביי אים אַזויפיל צייט אָוועקגענומען. לויט דעם גראַנדיעזן כאַראַקטער פון דער דאָזיקער אַרבעט, וואָלטן אויך זיבן מאָל זיבן יאָרן נישט באַדאַרפט באַטראַכט ווערן אַלס צופיל צייט פאַר איר דורכפירונג.

זיכערער טאָן פון פעסטער איבערצייגונג, שטרענג אויסגעהאַל־טענער, ערשט ראַנגיקער וויסנשאַפטלעכער מעטאָד אין צוגאַנג צו אַ טעמע, אין באַהאַנדלען אַ פּראָבלעם, אין דערקלערן אַ געוויסן ענין, מוסטערהאַפטע סיסטעמאַטישקייט אין איינאָרדנען די פּרטים, וואָס באַדאַרפן דעם באַהאַנדלטן כלל צוזאַמענשטעלן, דאָס דערגרונ־טעווען זיך בנוגע יעדן פאַרפלאָנטערטן ענין ביז צו דעם הויפּט שורש זיינעם, דאָס גיין מן הקל אל החמור שטענדיק, פון דעם איינפאַכן צום קאָמפּליצירטן, דאָס זוכן די דערקלערונג פון דעם פּרט דורך דער דאַרלעגונג פון די אַלגעמיינע פּרינציפּן פון דעם כלל, אַ טייל פון וועלכן אָט יענער פּרט איז, דאָס אָנווייזן ביים וואַרפן ליכט אויף אַ געוויסן ענין אויף די וועזנטלעכע שטריכן זיינע, דורך וועלכע ער ווערט פאַרבונדן מיט ענלעכע צו אים ענינים, אינדיווידואַליטעט, כאַראַקטער און פּערזענלעכקייט אין סטיל און אין פאָרם — מיט אָט די אַלע מעלות צייכנט זיך אויך דער פירוש המשניות זיינער אויס אין דער זעלבער מאָס, אין וועלכער די אַנדערע ווערק זיינע צייכענען זיך אויס מיט זיי.

שוין דאַן, ווען ער איז נאָך אַזוי יונגע געווען האָט ער פענאָמענאַלע ידיעות פאַרמאָגט אין דער גאַנצער ריזיקער תלמודישער ליטעראַטור. שוין דאַן האָט ער ריזיקע בקיאות פאַרמאָגט נישט נאָר אין דיביידע תלמודים, אין תלמוד בבלי און אין תלמוד ירושלמי, נאָר אויך אין ספרא, ספרי און תוספתא און די אַלע ענלעכע צו זיי תלמודישע ווערק, ווי אויף אין אַלעם דעם, וואָס די גאונים און די מפרשים פון תלמוד און פוסקים, וואָס האָבן פאַר אים געלעבט, האָבן מחדש געווען — און האָט פון דער דאָזיקער בקיאות דעם געהעריקן געברויך געמאַכט ביים פאַרפאַסן דעם פירוש זיינעם אויף דעם משניות, ווי ער אַליין שרייבט וועגן דעם אין דער הקדמה זיינער צום סדר „זרעים”.

און פענאָמענאַל ווי עס זיינען שוין דאַן געווען די תלמודישע ידיעות זיינע, אַזוי זיינען שוין דאן אויך געווען זיינע וועלטלעכע ידיעות, זיין טיפע באַקאַנטשאַפט מיט די אַלע וויסנשאַפטן פון זיין צייט. שוין דאַן האָט ער פאַרמאָגט זיין אייגענע קלאָרע, פולשטענדיק שוין אויסגעקריסטאַליזירטע אָריענטאַציע אין דעם פאַרדרייטן, פאַרפלאָנטערטן לאַבירינט פון אַלגעמיינע שווערע פילאָזאָפישע פראָבלעמען. מיר זעען אים שוין אויך דאַן מיט זיכערע פעסטע טריט איבער אַן אייגענעם, אויסגעטראָטענעם וועג גיין אין דער לייזונג, וואָס ער האָט די דאָזיקע פראָבלעמען געגעבן.

די אַלגעמיינע פילאָזאָפישע פרינציפן, אין וועלכע מיר זעען אים האַלטן זיך אין זיינע מער רייפערע יאָרן, וועלכע ווערן דארגעלייגט פון אים אין „מורה נבוכים” זיינעם, צוזאַמען מיט די הויפט פרינציפן פון זיין פילאָזאָפישער אינטערפרעטאַציע פון יידנטום טרעטן שאַרף אַרויס פאַר אונדז אין אַלגעמיינע שטריכן, אין אַ פאַרקירצטער אויסגאַבע, אין דער פאָרם פון בקיצור באַגרינדעטע באַהויפטונגען, פון עפיגראַמישע פאָרמולירונגען שוין אין דעם פירוש המשניות זיינעם, אין אָט יענע אַלע ערטער, וואו ער האָט דערויף נאָר אַ געלעגנהייט געהאַט, ווי אין „חלק”, אין דער הקדמה זיינער צום פירוש המשניות און אויף אַ קלענערן מאָסשטאַב נאָך אין אייניקע אַנדערע ערטער, ווי אין „עבודה זרה”, ”אבות”, „עוקצין” און נאָך אַנדערע מסכתות, אַזוי, אַז דער „מורה נבוכים” קען, אייניקערמאַסן, באַטראַכט ווערן, ווי אַ פירוש נאָר אויף אָט יענע שטעלן פון פירוש המשניות, ווי נאָר אַ ווייטערע פאַרברייטערונג, אַ ווייטערע

פאַנאַנדערוויקלונג, אַ מער אויספירלעכע דערקלערונג פון אַט יענע פרינציפּן. די דאָזיקע פרינציפּן קומען דאָרטן נאָר אין מער דעטאַליזירונג אין מער פאַרצווייגטקייט, אין מער באַאַרבעטער סיסטעמאַטישקייט, אין מער ברייטער, אויספירלעכער באַלייכטונג. אין אַ פולן אויסגעשפּראָכענעם „שיעור קומה" זען מיר פאַר זיך די אינטעלעקטועלע פערזענלעכקייט פון רמב"ם אַלס יידישער פילאָזאָף שוין אויך אין דעם פירוש המשניות זיינעם, פונקט, ווי ער טרעט אויך אַרויס דאָרטן פאַר אונדז אָנגעלאָדן מיט וויסנשאַפטלעכן „כל טוב", מיט וועלכן מיר זעען אים אַזוי אָפט זיך אַרויסהעלפן אין זיין קאָמענטירן די רייד פון דער משנה, מעדיצינישע, מאַטעמאַטישע און אַסטראָנאָמישע באַלייכטונגען, ווי אויך באַלייכטונגען דורך אַנדערע פּאָזיטיווע וויסנשאַפטן; מיט אַזוינע באַלייכטונגען באַנוצט זיך דער רמב"ם אין דעם פירוש זיינעם יעדן מאָל, וואָס אַ געוויסע משנה קען דורך די דאָזיקע באַלייכטונגען בעסער דערקלערט און פאַרשטאַנען ווערן, יעדן מאָל, וואָס ער שטויסט זיך אָן אויף אַן ענין, וואָס שטייט אין אַ געוויסער שייכות מיט איינער פון אַט יענע וויסנשאַפטן.

פון גרויס אינטערעס איז אויך זיין אַרויסהעלפן זיך אין דער הינזיכט מיט פילאָלאָגישן דערגרונטעווען זיך צו דער אור־באַדייטונג פון אַ געוויסן וואָרט אין צוזאַמענהאַנג מיט די פאַרשידענע אינהאַלט שאַטירונגען, וואָס זענען פון דער דאָזיקער אור באַדייטונג פון וואָרט אַרויסגעצווייגט געוואָרן, זיין אַרויסהעלפן זיך אין דער הינזיכט מיט פּסיכאָלאָגישע שפּראַך אַנאַליזן.

די מאָדערנע אנשויאונג, אַז מען באַדאַרף באַטראַכטן אַ שפּראַך. ווי אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם, די פרייע אַנטוויקלונג פון וועלכן טאָר נישט געשטערט ווערן דורך צופיל פאַרזיכטיקייט, דורך צופיל איבערטראַכטן, דורך צופיל מורא האָבן, טאָמער וועט עטוואָס פון זיינע אייגנטימלעכע עלעמענטן פאַרלאָרן גיין, אַז מען באַדאַרף פרייע וועגן פאַר איר אַנטוויקלונג אָפּן האַלטן, אַז פונקט ווי די שפּראַך שאַפט — אייניקערמאַסן — דאָס פאָלק — שאַפט אודאי דאָך דאָס פאָלק די שפּראַך: דעריבער איז פילעס פון דעם, וואָס דאָס פאָלק איז מחדש אויף דעם געביט פון דער אַנטוויקלונג פון זיין שפּראַך אויטאָריטאַטיוו אפילו, ווען עס איז קעגן די אָנגענומענע קלאַסישע שפּראַכלעכע פאָרמען, קעגן די אַלטע פעסטגעשטעלטע גראַמאַטיקאַלישע רעגלען; דעם דאָזיקן מאָדערנעם צוגאַנג צו אַ שפּראַך, וועלכן מיר

געפינען פּאָרטראָטן אין דער אחד־העם עסעי „לשאלת לשוננו" אין וועלכער עס ווערט גערעדט וועגן די דערלויבטע פרייהייטן אין דער העברעישער שפּראַך, וועגן די דערלאָזבאַרע אָפּנויגונגען פון איניקע פון אירע אין די אַלטע צייטן אויסגעאַרבעטע גראַמאַטיקאַלע רעגלען — דעם דאָזיקן מאָדערנעם צוגאַנג — אָנגעווענדט אויף העברעיש — געפינען מיר פּאָרטראָטן מיט מער ווי זיבן הונדערט יאָר פאַר אחד העמען נאָך — ביים רמב"ם שוין.

מיר זעען אים דאָרטן אין פולן שיעור קומה אין אָט יענער פּערזענלעכקייט זיינער אַרויסטרעטן, פּונקט, ווי מיר זעען אים דאָרטן אין דעם פולן שיעור קומה זיינעם אויך אַלס ליכטיקע עטישע פּערזענלעכהייט אַרויסטרעטן איבעראַל, וואו עס ווערט אים נאָר געגעבן אַ געלעגנהייט דערויף. איבעראַל אין דעם פירוש המשניות זיינעם, איבעראַל, וואו ער האָט נאָר אַ געלעגנהייט דערויף, שטעלט ער זיך לענגער אָפּ אויף דעם ענין פון „איזהו דרך ישרה שיבור לו האדם", שטעלט ער זיך לענגער אָפּ אויף צו פריידיקן אַ צניעותדיקע, עטישע און מאָראַלע לעבנס־אויפפירונג.

דער פירוש המשניות פון רמב"ם שיינט אַרויס מיט זיין טיפער, אַלזייטיקער אַנדערשקייט פון צווישן די אַלע אַנדערע פירושים, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אויף דער משנה. ער איז גאָר פון אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער ווי זיי. ער איז, ווירקלעך, אַ הטיבה מיוחדת במינה. דאַן ווען די אויפגאַבע פון געוויינלעכע פירושים אַזוינע איז נאָר ווערטער און אויסדרוקן צו פאַרטייטשן, פאַרשטענדלעך צומאַכן אויף אַן איבערזעצערישן אופן דעם דארגעלעגטן אינהאַלט פון די משנה הלכות, שטעלט זיך דעם רמב"מס פירוש המשניות אַ פיל מער קאָמפּליצירטע אויפגאַבע. פיל, פיל מער, ווי ער פאַרנעמט זיך מיט ווארפן ליכט אויף דעם הינטערגרונט, אין וועלכן דער שורש נשמה זיינער האָט די אחיזה זיינע, אויף דער אַטמאָספערע, וואָס הילט אים אַרום. פיל מער, ווי ער טרעט אַרויס פאַר אונדז אין אים אַלס פאַרטייטשער פון דער משנה, טרעט ער אַרויס פאַר אונדז ווי אַן אויסטייטשער. פיל מער, ווי ער רעדט וועגן דער אָדער יענער איינצעלנער הלכה, רעדט ער וועגן דער גאַנצער גרופּע, צו וועלכער זי באַלאַנגט לויט דעם כאַראַקטער אירן, וועגן דעם אינערלעכן גייסט פון אָט יענע אַלע הלכות, וואָס באַלאַנגען צו דער דאָזיקער גרופּע, וועגן זייער שכלדיקער באַגרינדעטקייט, וועגן די פונדאַמענטאַלע

פרינציפּן, אויף וועלכע זיי באַזירן זיך, וועגן די לאָגישע אויספירונגען, וואָס באַדאַרפן דורך זיי געמאַכט ווערן.

און פון גאָר געוואַלדיקער וויכטיקייט זענען די פאַרשידענע הקדמות און פּתיחות, וואָס קומען פאַר די מסכתות און די סדרים, און אַמאָל אויך אין מיטן אַ מסכתא, וועלכע האָבן דעם צוועק אין ברייטער באַלייכטונג, אין קאָאָרדינירנדער סיסטעמאַטישקייט צוגעבן די הויפּט שרשים, אין וועלכע זיי וואָרצלען אַלע, דורך וועלכע זיי באַהאַנדלט אין די דאָזיקע מסכתות, סדרים אָדער באַזונדערע סוגיות, די הויפּט שרשים, אין וועלכע זיי וואָרצלען אַלע, דורך וועלכע זיי באַדאַרפן אַלע געזען ווערן אַלס טיילן אָרגאַנישע, וואָס פאָרמירן איין פאַראייניקטן כלל אַ גאַנצן; דער צוועק צו געבן דעם לערנער אַן אָנהאַלטס פּונקט, וועלכער זאָל אים געבן די מעגלעכקייט, ער זאָל קענען איבער דעם וועג פון אַ ריכטיקן אָריענטירן זיך אין זיין שטודיום פון דער משנה געפירט ווערן.

און גאָר אַ באַזונדער פּלאַץ פאַרנעמט די פּתיחה זיינע צו סדר „טהרות".

אויב אין די אַנדערע פּתיחות האָט ער — דער רמב"ם — געהאַט פאַר זיך כאָטש מער אָדער ווייניקער פאַרטיקן מאַטעריאַל, וואָס ער האָט נאָר אָרגאַניזירן באַדאַרפט, וועלכן ער האָט באַדאַרפט זיין תקון ברענגען דורך זיין וויסנשאַפטלעכער באַאַרבעטונג, אויב בנוגע זיי האָט ער אייניקערמאָסן גרייט געהאַט פאַר זיך כאָטש די נויטיקע ליים און ציגל פאַר דער אויפשטעלונג פון די איינלייטונגס־בנינים זיינע; אויב דאָרט האָט ער זיך אין זיין וויסנשאַפטלעכער באַלייכטונג פון דער הלכה געקענט אַרויסהעלפן מיט די פאָרשונגען און באַהאַנדלונגען פון דער משנה — פון די אמוראים און זייערע נאָכפאָלגער, די רבנן סבוראי, און מיט די ווערק פון זייערע פאָרטזעצער, די גאונים, און זייערע נאָכפאָלגער, דער גרויסער דור פון די תלמוד מפרשים, וואָס איז געקומען נאָך זיי, האָט ער אָבער דאָ, אויף דעם פעלד פון די ענינים, וואָס ווערן אין סדר טהרות באַהאַנדלט, ווי אין אַ מדבר זיך געפינען. ער האָט זיך אויף קיין הילף פון ערגעץ נישט געקענט שטיצן. ער האָט באַדאַרפט, כמעט, אַלץ אַליין שאַפן. ער האָט נישט נאָר מיט דעם אויפשטעלן פון דעם בנין זיך באַדאַרפט באַשעפטיקן, נאָר אויך מיט דעם צוגרייטן, מיט דעם פאַרפערטיקן פון דעם בוי מאַטעריאַל פאַר דעם בנין. וואָרום ווי עס איז באַוואוסט

איז דער סדר טהרות נישט מיט דער זעלבער אויפמערקזאַמקייט געשטודירט געוואָרן פון די חכמי התלמוד, וואָס האָבן נאָך דעם סדור המשנה געלעבט, ווי די אַנדערע סדרים. אַט אַזוי האָבן מיר אויך אויף דעם סדר טהרות — אויסער „נדה" — ווי אויף דעם סדר זרעים — אויסער „ברכות" — אין אונדזער תלמוד בבלי קיין גמרא נישט.

און פונקט ווי די אמוראים זיינען ניט געווען אויפמערקזאַם צו דעם שטודיום פון די טומאה וטהרה ענינים, אַט אַזוי זיינען אויך די גאונים צו אים נישט געווען אויפמערקזאַם. צוטרעטנדיק צו שרייבן די פתיחה זיינע צום סדר טהרות מיט דעם צוועק צו קאָאָרדינירן די אַלע טומאה וטהרה ענינים, וואָס געפינען זיך אין אים, אונטער אַלגעמיינע פּרינציפּן, מיט דעם צוועק צו ברענגען זיי אין געהעריקער אָרדנונג פון געהעריקער קלאַסיפיצירונג, פון געהעריקן איינגעטיילט ווערן אין באַזונדערע גרופּן, לויט די הויפּט שרשים, אין וועלכע זיי וואַרצלען, האָט דער רמב"ם אַזוי אַרום געמוזט נישט נאָר מיט שוין צוגעגרייטן מאַטעריאַל אָרגאַנידירן און ערגענצן זיך באַשעפטיקן, נאָר מיט דעם לכתחילהדיקן שאַפן פון פעלנדן מאַטעריאַל. ער האָט באַדאַרפט אַליין דערגרונטוועגן זיך צו די הויפּט שרשים פון די דאָזיקע ענינים, אַליין באַשעפטיקן זיך מיט דעם פעסטשטעלן די הויפּט כללים זייערע. אפילו פון אַט דעם ביסל מאַטעריאַל, וואָס געפינט זיך יאָ אין תלמוד אויף דעם געביט פון אָט יענע צוועקן, האָט ער קיין גרויסן נוצן נישט געקענט מאַכן. דער דאָזיקער מאַטעריאַל איז צעזייט אויף שבעה ימים. אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ געוויסער סוגיא אין דער אָדער יענער מסכתא קומט אויך אַמאָל אַ געוויסע שקלא וטריא וועגן איינעם פון די ענינים פון טומאה וטהרה. ער האָט דעריבער באַדאַרפט פיל מי אַוועקלייגן אויף צוזאַמענקלייבן דעם דאָזיקן צעוואָרפענעם מאַטעריאַל.

און ווירקלעך — שרייבט דער רמב"ם צום סוף פון דער הקדמה זיינער צו סדר „טהרות" — איך האָב דיר געזאָגט דעם דאָזיקן מאמר, כדי דו זאָלסט נישט דענקען, אַז דאָס באַהאַנדלען פון די דאָזיקע ענינים איז ווי דאָס באַהאַנדלען פון די ענינים פון סוכה אָדער לולב אָדער שבועת השומרים אָדער שבועת הדיינים. דו זאָלסט נישט מעיין זיין אין אים אויבנאויף נאָר, מיינענדיק, אַז דו קענסט שוין אַזוי אַרום דעם גאַנצן ענין ערליידיקן. דו קענסט אים נישט פאַרגלייכן מיט די פתיחות, וואָס מיר האָבן מקדים געווען צו די

פריערדיקע סדדים. וואָרום אָט די דאָזיקע שרשים — די שרשים פון וויכטיקער אָריענטירונג און נוצן — וואָס איך האָב דיר מקדים געווען אין אָט דעם סדר, געפינט זיך נישט קיין איין שורש צווישן זיי, אויף וועלכן איך זאָל נישט געווען אַרבעטן מיט גרויס מי, איך זאָל זיין אמתדיקייט פעסטשטעלן, ווי אויך אין געהעריקער דארלעגונג אים געבן. איך האָב די דאָזיקע אַלע שרשים אחד מעיר ושנים במשפחה צוזאַמענגעקליבן פון צווישן די אַלע ווינקעלעך פון תלמוד און פון די ברייתות און תוספתות ספרים — ביז עס האָט זיך מיר איינגעגעבן צוזאַמענשטעלן פון זיי די דאָזיקע פתיחות. זיי זאָלן דינען אַלס שליסל פאַר אַלעם דעם, וואָס איך וויל ערקלערן בנוגע דעם דאָזיקן סדר, ווי אויך פאַר פילע פון די האַרבע הלכות אין תלמוד.

דערביי באַדאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן צו דעם אלעם דער מאָמענט פון „עומק המושג", די האַרבקייט פון דעם דאָזיקן קעגנשטאַנד פאַר זיך אַליין גענומען. די אַלע טומאה־טהרה ענינים זענען זייער טיפע ענינים, זייער קאָמפּליצירטע, פאַרדרייטע ענינים, „גדולי הספיקות, רחוקי ההבנה", ווי דער רמב"ם דריקט זיך אויס.

עס איז דעריבער נאָר צום באַוואונדערן, ווי אַזוי דעם רמב"ם האָט גובר געווען אָט די דאָזיקע אַלע שוועריקייטן, ווי אַזוי עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו שאַפן אַזאַ וואונדערלעכן יש פון אַן אין גמור, כמעט.

וואָרום די דאָזיקע פתיחה איז פון אונשעצבאַרן ווערט נישט נאָר מחמת דעם, וואָס אָן איר וואָלט דער לייענער אַ סך מער הילפלאָז זיך געפילט אין קענען אַ וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג האָבן אין אָריענטירן זיך אין דעם ווּעזן פון די טומאה־טהרה ענינים, ווי ער וואָלט זיך געפילט אָן אירגענד וועלכער אַנדער פתיחה — בנוגע אָט יענע ענינים, וואָס ווערן באַהאַנדלט אין דעם סדר, פאַר וועלכן זי קומט, נישט נאָר מחמת די גרויסע שוועריקייטן, אויף וועלכע ער האָט זיך אָנגעשטויסן בשעת ער איז צוגעטראָטן צו דער צוזאַמענשטעלונג פון דער דאָזיקער פתיחה, נאָר אויך מחמת דער גרויסער מייסטערשאַפט, מיט וועלכער די צילן, וואָס זי שטעלט זיך, ווערן פאַרוויקליכט אין איר, מחמת דער שלימות, מיט וועלכער זי פירט דורך די אויפגאַבע אירע. אין באַצוג צו די קוואַליפיקאַציעס אירע אין אָט דער הינזיכט איז זי די גולת הכותרת צווישן די אַלע אַנדערע פתיחות. דאָס איז אַ וואונדערלעכע טיפע, אויסשעפנדע אַרבעט, וואָס געפינט זיך אויף

דער העכסטער הויך פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, פון וויסנשאַפט־לעכער מאַטעריאַל־אָרגאַניזירונג. — ווען דער רמב"ם — פאַרזיכערט אונדז רבי זכריה פרענקעל אין זיין „דרכי המשנה — וואָלט אונדז געווען איבערלאָזן אויף דעם תלמודישן געביט נאָר די דאָזיקע פּתיחה זיינע — וואָלט ער זיך מיט איר אַליין שוין אונשטערבלעך געמאַכט, וואָלט דורך איר אַליין שוין זיין נאָמען פאַראייביקט געבליבן ביי אונדז אַלס גאון אויף דעם פעלד פון תלמודישער פאָרשונג.

וואָרום יעדע הלכה — שרייבט דער רמב"ם צום סוף פון דער זעלבער הקדמה — אין וועלכער עס רעדט זיך וועגן טומאה און טהרה און ראשון און שני — איז אפילו פאַר די גדולי הרבנים שווער צו באַהערשן זיי און אַ כל שכן שוין פאַר די געוויינלעכע לערנער. און אַז דו וועסט געפינען וועגן די דאָזיקע ענינים אַ מאַמר ביי איינעם — וועסטו אין דעם דאָזיקן מאמר פיל אריכות און ווייניק דערגרייכונג געפינען. דו וועסט נישט קענען פון איר קיין כוונה שלימה דערגרייכן. וואָרום מיט די שרשים פון די דאָזיקע ענינים באַשעפטיקן זיי זיך גאָרנישט.

דאָס אָבער, וואָס מיר האָבן מקדים געווען אין דער דאָזיקער פּתיחה, איז זייער, זייער גענוגנד, און מען באַדאַרף דאָס אין געדאַנק איינהיטן, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט.

און מיט זיין גאַנצער באַשיידנקייט האָט אויך דער רמב"ם אַליין זיך נישט געקענט צוריקהאַלטן פון אויסצודריקן זיין אייגענע באַוואונדערונג פאַר דעם דאָזיקן ווערק זיינעם, ווי עס ווייזן דערויף די לעצטע פאָר שורות פון דער אויבנגעבראַכטער ציטאַטע, און נאָכמער דער פאָלגנדער אויסצוג וואָס קומט באַלד נאָך אָט יענער ציטאַטא דאָרטן.

און די אמתע מאָס פון גרויסן נוצן — לייענט זיך דער דאָזיקער אויסצוג — וואָס געפינט זיך אין דער דאָזיקער פּתיחה קען וויסן נאָר דער, וואָס האָט זיך געמיט טעג גאַנצע און ער איז אויך דורך די נעכט וואַכזאַם געווען אויף אַן הלכה פון די הלכות, וואָס געפינען זיך אין אַנהויב שבת און פּסחים, אָדער חגיגה און זבחים און אַזוי ווייטער און אין ענלעכע ערטער, און עס קען פאַר אים נישט קיין הויפּט פּרינציפּ קלאָר ווערן, אויף וועלכן ער זאָל זיך שטיצן: נאָכדעם וואָס אַזאַ איינער וועט איבערלייענען די דאָזיקע פּתיחה און דאָס, וואָס קומט נאָכדעם, דורך וועלכע ער וועט

זען דעם גאַנצן בנין פון די דאָזיקע ענינים אויף זיינע ריכטיקע שרשים אויפגעשטעלט — וועט ער פאַרשטיין דעם פאַרנעם פון דעם אַלעם, וואָס עס איז דאָ אויפגעטאָן געוואָרן.

און דער רמב"ם מאַכט דאָס אויך גאַנץ קלאָר דערביי, אַז נאָר גלאַט אַזוי דורכלייענען די הקדמה איז נישט גענוג. ער שטרייכט אונטער שטאַרק, אַז עס איז נויטיק, אַז דער לערנער זאָל זיך פאַרטיפן גוט אין איר און זאָל זי פילע מאָל איינחזרן. עס וועט פאַר דיר — שרייבט ער וועגן דעם — נישט גענוג זיין נאָר גלאַט אַזוי זי דורכגיין, נאָר גלאַט אַזוי זי דורכלייענען. דו וועסט פון דעם קיין נוצן נישט האָבן, ווען דו זאָלסט זי אפילו דורכלייענען טויזנטער מאָל. דו באַדאַרפסט זי אַזוי לאַנג איינחזרן מיט כוונה ביז זי זאָל דיר, ווי קריאת שמע אויפן צונג ליגן. נאָר דאַן וועט זי פאַר דיר קלאָר און פאַרשטענדלעך זיין און דו וועסט זי קענען איינהיטן גוט אין זכרון דיינעם.

---

אין דער הקדמה צו סדר זרעים גיט אָן דער רמב"ם די פאָלגענדע פיר טעמים פאַרוואָס ער האָט זיך גענומען מחבר צו זיין אַ פירוש אויף דער משנה. ער רעכנט אויס די פאָלגענדע פיר געווינסן, וואָס וועלן דערגרייכט ווערן דורך דעם פירוש זיינעם: א) מיר גיבן דעם ריכטיקן פירוש אויף דער משנה און די פאַרטייטשונג פון אירע ווערטער. ווארום ווען דו וואָלסט פרעגן אפילו דעם גרעסטן וואָס צווישן די גאונים וועגן דעם פירוש פון אַן הלכה פון דער משנה, וועט ער וועגן איר גאָרנישט קענען זאָגן נאָר סיידן ער זאָל קענען אויף אויסווייניק די גמרא, וואָס געפינט זיך אָט אויף יענער הלכה. אָדער ער וועט דיר זאָגן: איך וועל זען, וואָס עס געפינט זיך בנוגע איר אין די רייד, וואָס ווערן גערעדט אין שייכות מיט איר אין תלמוד. קיין מענטש איז אָבער ניט ביכולת צו קענען אויף אויסווייניק דעם תלמוד. אכל שכן שוין אַז דער ענין ווערט זייער שווער אין אַ פאַל, ווען איין הלכה פון דער משנה ווערט אַרומגערעדט אין פיר פינף בלעטער גמרא. ווארום עס קומט דאָרטן איין ענין אין דעם אַנדערן אָנגעהעפט, און טענות פאַרשידענע קומען דאָרטן און קושיות און תשובות, אַזוי, אַז נאָר אַן אדם בקי בעיון איז אימשטאַנד אויסצוקלייבן פון דאָרטן דעם עיקר, וואָס האָט דירעקט צו טאָן מיט דעם פירוש אויף יענער משנה. און דערצו נאָך, וואָס זאָל מען טאָן

דאָרטן, וואו דער פירוש אויף דער באַהאַנדלטער הלכה און דער פסק דין בנוגע איר ווערן נישט פאַרענדיקט באַלד אויפן פּלאַץ, דאָרטן, וואו דער ריכטיקער פירוש אויף אַן הלכה און דער ריכטיקער פסק דין בנוגע איר קענען אַרויסגעבראַכט ווערן נאָר דורך צוויי מסכתות אָדער דריי.

ב) דער צווייטער נוצן פון מיין פירוש באַשטייט אין די פסקים, וואָס איך גיב אין אים אָן, דאָס, וואָס איך זאָג ביים פירוש פון יעדער הלכה, לויט דער מיינונג פון וועמען עס ווערט דער פסק דין געפּסקנט.

ג) דער דריטער נוצן זיינער איז, וואָס ער וועט דינען, ווי אַן אַריינפיר פאַר יעדן, וואָס איז אַן אָנפאַנגער אין עיון החכמה און ער וועט דערוועגבן דורך אים דעם געהעריקן מעטאָד ווי אַזוי מען באַדאַרף אַן ענין אָדער אַ מאמר צוגלידערן און ערקלערן. ער וועט זיין דאַמאָלס ווי איינער, וואָס האָט כולל געווען אין דער ידיעה זיינער די עיקרים פון דער גאַנצער תלמודישער דיאַלעקטיק. דאָס וועט פאַר אים אַ גרויסע הילף זיין איבעראַל אין זיין שטודיום פון תלמוד.

ד) דער פערטער נוצן איז, וואָס ער וועט העלפן דעם, וואָס וועט אים לערנען און וויסן, ער זאָל קענען איינהאַלטן אין זכרון זיינעם זיינע תלמודישע ידיעות, אַז אַלעס, וואָס ער וועט לערנען זאָל אים שטיין פאַר די אויגן שטענדיק, אַז די משנה און תלמוד למודים זיינע זאָלן ביי אים גרייט זיין אין מויל שטענדיק.

און אויב דער רמב"ם האָט דאָס געהאַלטן פאַר זיין ערשטער אויפגאַבע, אַז זיין פירוש זאָל זיך אויף דער העכסטער הויך פון וויסנשאַפטלעכקייט געפינען, אַז זיין קאָמענטירן די רייד פון דער משנה זאָל אַ ריכטיקע, גענויע און גרינדלעכע זיין, האָט ער דאָס אָבער כלל נישט באַטראַכט פאַר זיין אויפגאַבע, אַז די פירושים זיינע זאָלן זיך מיט איבעריקער צוגענגלעכקייט אויסצייכענען, זיי זאָלן אין אַ זייער פּאָפּולערער פאָרם געשריבן ווערן „און איך וועל זיך היטן" — שרייבט ער אַליין בנוגע דעם אָט אין יענער הקדמה — „איך זאָל אין ווערטער מקצר זיין, כדי נישט צופערווירן דעם לעזער. וואָרום אונדזער פירוש איז נישט זיין צוועק די שטיינער פאַרשטענדיק צו מאַכן, נאָר פאַרשטענדיק צומאַכן אָט דעם, וואָס האָט אַ האַרץ אויף צו פאַרשטיין" דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז פיעלע ערטער

אין פירוש המשניות זענען אָפט אַביסל קשי ההבנה אפילו אין אָריגינאַל, א כל שכן שוין איז דער העברעישער איבערזעצונג.

פיל מער אָבער שולדיק אין דעם זיינען די איבערזעצער. דורך וועלכע עס זיינען פאַראורזאַכט געוואָרן פאַר איר נאָך אַנדערע דעפעקטן. נישט אַלע איבערזעצער פון פירוש המשניות האָבן געקענט באַפרידיקן די דריי פאָדערונגען, וואָס באַדאַרפן געשטעלט ווערן צו אַן איבערזעצער פון אַזאַ טיף וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, ווי דעם רמב"מס פירוש המשניות איז, די דריי פאָדערונגען, אויף וועלכע ר' יהודה אלחריזי — דער ערשטער איבערזעצער פון פירוש המשניות — ווייזט אָן אין זיין איבערזעצונג פון דעם רמב"מס פירוש אויף משניות סדר זרעים, די דריי פאָדערונגען, אַז ראשית כל באַדאַרף מען פערפעקט קענען די שפּראַך, פון וועלכער מען זעצט איבער, דאַן די שפּראַך אין וועלכער מען מאַכט די איבערזעצונג, וואָס מען זעצט איבער. דאָס, וואָס אַ פּאָר פון די איבערזעצער זאָגן וועגן זייער אָרימער קאָמפּעטענץ פאַר דער אַרבעט, וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען, דאָס וואָס זיי אַליין דערקלערן זיך זייער שוואַך בנוגע אָט יענע דריי אויבנדערמאָנטע נויטיקע קוואַליפיקאַציעס — באַדאַרף כלל נישט גענומען ווערן פון אונדז אויף דעם זעלבן אופן, ווי מיר באַדאַרפן נעמען דעם אלחריזיס באַשיידענע באַהויפּטונג וועגן זיך בנוגע אָט דעם אַלעם אין דעם, וואָס ער זאָגט עדות אויף זיך, אַז „לבי מן החכמה נוער וריק, כגפן בוקק, והדעת ממני בשגבה, ועד השלשה לא בא", באַדאַרף כלל נישט אין אַלע הונדערט פּראָצענט באַטראַכט ווערן פון אונדז אַלס עניוות נאָר, נאָר — בנוגע אייניקע פּונקטן — ווי אַן אמתע טאַקע ריכטיקע זעלבסטאָפּשאַצונג. נישט אַלע איבערזעצער האָבן זיך מיט פיל גרויסקייט אין תורה אויסגעצייכנט. האָבן די דאָזיקע פעלערן זייערע מיטגעבראַכט דערצו, אַז דער אינהאַלט פון אייניקע ערטער פון איבערזעצטן טעקסט איז אַ פאַרפּלאָנטערטער אַרויס, אַ פאַרגרייזטער, אַ שווער פאַרשטענדלעכער אָדער גאָר אינגאַנצן אַן אומפאַרשטענדלעכער. אַ גורם פאַר דעם אַלעם איז אויך געווען דער אַראַבישער טעקסט אַליין, וואָס די איבערזעצער האָבן געהאַט פאַר זיך, ווארום נישט די אַלע קאָפּיעס פון אָריגינאַל זיינען אין אַ גלייכער מאָס קאָרעקט געמאַכט געוואָרן.

אַ געוויסע ראָלע האָט געשפּילט אין דעם, אַז די פירוש המשניות איבערזעצונגען זאָלן קענען געזען ווערן פון אונדז אין דער באַגלייטונג פון אָט יענע דעפעקטן אויך דאָס, וואָס די איבערזעצער האָבן משנה

געוועזן פון דעם מנהג, וואָס דער רמב״ם האָט זיך גוהג געווען צו געבן פריער כלשונה די גאַנצע משנה, אויף וועלכע ער האָט באַדאַרפט שרייבן דעם פירוש זיינעם. ערשט נאָכדעם, וואָס ער האָט איבערגעגעבן דעם גאַנצן נוסח פון דער משנה — האָט ער אָנגעהויבן אויף איר דעם פירוש געבן. זיי האָבן אין זייער איבערזעצונג נאָר דעם אָנהויב פון דער משנה געגעבן, כדי מען זאָל וויסן אויף וועלכער משנה דער געגעבענער טייל פון פירוש אויף אַ געוויסן אָרט באַציט זיך. דאָס איבעריקע האָבן זיי אינגאַנצן אויסגעלאָזט. האָט אָט דאָס אַלץ פאַראורזאַכט נישט נאָר דעם שאָדן אַליין, וואָס מיר האָבן אָנגעווירן דעם רמב״מס נוסחא פון דער משנה, וועלכע איז אין פילע ערטער אַנדערש געוועזן פון דער נוסחא, וואָס מיר האָבן פאַר זיך, נאָר אויך דאָס, וואָס אין מאַנכע ערטער מוז פאַר אונדז דעם רמב״מס אופן פון מפרש זיין די משנה אַלס כלו מוקשה אויסזען. ווארום אין פילע פעלע איז זיכער, אַז דאָס, וואָס אונדז קומט אויס צו וואונדערן זיך אויף דעם רמב״מס רייד אין זיינעם אַ פירוש אויף דער משנה, אַז דאָס וואָס אונדז קומט אויס צו דענקען, אַז ער איז דאָרטן אין אַ טעות נכשל געוואָרן, איז נאָר דערפאַר, וואָס אונדזער נוסחא פון אָט יענער משנה איז אַ גאַנץ אַנדערער פון דער, וואָס דער רמב״ם האָט געהאַט פאַר זיך. אין פילע פעלע איז זיכער, אַז, ווען מיר וואָלטן געהאַט פאַר זיך די קאָמענטירטע פון רמב״ם משנה אין אָט יענעם נוסח, אין וועלכן דער רמב״ם האָט זי פאַר זיך געהאַט, וואָלט אַלץ אין דער בעסטער אָרדענונג געווען, וואָלט מען מיט קיינע טענות, מיט קיינע אָפּפרעגונגען קעגן אים נישט געקענט אַרויסטרעטן.

עס באַדאַרף אויך צולעצט אָנגעוויזן ווערן דערויף, אַז אויסער נאָך אָט יענע פעלע, אין וועלכע די לעצטע צוויי גורמים שפּילן אַ ראָלע, זיינען אייך אין די אַלע אַנדערע פעלע די אויבנאויסגערעכנטע דעפעקטן, וואָס מיר געפינען דאָ און דאָרטן אין די פירוש המשניות איבערזעצונגען, נישט שטענדיק פאַראורזאַכט געוואָרן פון דעם קוצר המשיג פון די איבערזעצער. אין אייניקע פעלע שטאַמען די דאָזיקע דעפעקטן נישט מער ווי נאָר פון איינפאַכע פען טעותן.

---

לויט דעם ווי דער רמב״ם שרייבט אין דער הקדמה זיינער צו „זרעים״ ריכטעט ער זיך אין דעם פירוש זיינעם אויף דער משנה לויט דעם ווי זי ווערט אין דער גמרא פון די אמוראים אויסגעטייטשט.

ער שרייבט וועגן דעם דאָרטן: „און דער וועג מיינער אין דעם דאָזיקן הבור איז, איך זאָל מפרש זיין די משנה, ווי דער תלמוד האָט זי מפרש געווען. איך קלייב אויס די אמתע פירושים און דערוויטער אָט יענע פירושים, וואָס, ווי עס זעט אויס, זיינען זיי פאַרוואָרפן געוואָרן אין תלמוד.

רבי זכריה פרענקעל האָט שוין אָבער אָנגעוויזן, אַז דאָס האַלטן זיך שטרענג אין פירוש, וואָס די גמרא גיט אויף דער משנה, האָט דער רמב"ם פּראַקטיצירט נאָר דאָרטן, וואו עס איז פאַראַן אַ נפקא מינה לדינא. אין אַזוינע פעלע האַלט ער זיך איבעראַל אין די פירושים פון תלמוד בבלי און אין סדר זרעים — אויסער ברכות — אין תלמוד ירושלמי. דאָרטן אָבער, וואו עס איז קיין נפקא מינא לדינא נישט פאַראַן, נויגט ער אָפּ אַמאָל פון פירוש פון דער גמרא, אויב ער קען זי איינטייטשן אויף אַ מער איינפאַכן אופן. פון ירושלמי אָבער נויגט ער אַמאָל אָפּ אפילו דאָרטן, וואו עס איז אַ נפקא מינא לדינא פאַראַן. רבי אייזיק הירש ווייס אָבער האָט אָנגעוויזן, אַז דער רמב"ם האָט דאָס אייניקע מאָל אויך אין באַצוג צו תלמוד בבלי געטאָן.

און פונקט ווי מיר זען אים אין „היד החזקה" אָנגעבן דאָרטן, וואו עס איז דורך דעם קיין נפקא מינא נישט פאַראַן לדינא, אַ טעם פאַר אַ געוויסער הלכה, וואָס איז אַנדערש פון דעם טעם, וואָס ווערט אין תלמוד אָנגעגעבן, אָט אַזוי זען מיר אים אויך אין פירוש המשניות זיינעם אויף דעם זעלבן אופן זיך פירן. ער דערקלערט אַמאָל אַ געוויסן ענין פון דער משנה על פי דרך ההגיון, כאָטש אין תלמוד דרינגען זיי דעם ענין אַרויס פון אַ פסוק. ער לאָזט אַמאָל אויך איבער די גירסא פון דער משנה, ווי זי איז, כאָטש לויט דעם פשט פון דער „גמרא" באַדאַרף מען זי באַטראַכטן פאַר אַ פאַרגרייזטער.

דער רמב"ם האָט זיך באַנוצט אין זיין פירוש אויף דער משנה אויך מיט די פירושים פון די גאונים, ווי ער אַליין ווייזט אָן דערויף אין דער הקדמה צו „זרעים". אין חבור זיינעם גייען אָבער די פירושים פון אַנדערע צוזאַמען מיט זיינע אייגענע. ער ווייזט נישט אָן, וועלכע זיינען זיינע און וועלכע זיינען פרעמדע. פאַר דעם אויפמערקזאַמען לייענער איז אָבער נישט שווער צו דערקענען, וועלכע פירושים זיינען זיינע אייגענע. באַזונדערס איז זיכער, אַז אין אָט יענע שטעלן, וואו ער פאַרנעמט זיך מיט דעם וויסנשאַפטלעכן מעטאָד פון גיין מן הכלל אל הפרט, מן הקל אל החמור, פון דעם

איינפאַכן צום קאָמפּליצירטן — אַז אָט אין יענע אַלע שטעלן גייט ער נאָך זיין אייגענעם וועג שטענדיק.

און אויב זיין אומאיינשטימיקייט אַמאָל מיט אַ פּירוש פון תלמוד אויף אַ געוויסער משנה האָט דער רמב"ם מבליע בנעימה געווען שטענדיק, איז וואָס אָנבאַלאַנגט זיין אומאיינשטימיקייט מיט די אָדער יענע פּירושים פון די גאונים אויף געוויסע משנות האָט ער אין אייניקע פעלע זי שאַרף אונטערגעשטראָכן, שאַרף אַרויסגעשטעלט. כאַראַקטעריסטיש אין דער הינזיכט איז אַ שטעלע זיינע אין כתובות פ"א משנה ו'. ווי יונג ער איז נאָך דאַן געווען — טרעט ער איינער אַליין אַרויס — און מיט אַזאַ מוט און מיט אַזאַ שאַרפקייט נאָך דערצו — קעגן די אַלע גאונים, וואָס זיינען פאַר אים געווען. „כן הורו כל הגאונים" — לייענט זיך די דאָזיקע שטעלע — „שידעתי רבריהם. ומה שנתבאר אצלי הוא שהדבר בהיפוך". אָט אַזוי האָבן געלערנט די אַלע גאונים, די רייד פון וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו וויסן. דאָס, וואָס עס איז אָבער פאַר מיר קלאָר געוואָרן, איז, אַז די זאַך איז פאַרקערט.

און אין „מקוואות" שרייבט ער אויף אַן אָרט אַז דאָס, וואָס איינער אַ „איש גדול רב העיון בארץ המערב" האָט געשריבן אין זיין באַרימטן ספר איז דערפאַר, וואָס „ער האָט נישט פאַרשטאַנען די משנה". און אין אַן אַנדער אָרט: „כך פירשו הקדמונים זאת ההלכה — ואני אפרש בה פירוש אחר".

און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ענין איז אויך אינטערעסאַנט אַ שטעלע פון זיינער אַ תשובה צו זיין תלמיד רבי יוסף בר' יהודה עקנון וועגן די „בלבולים" און די „קושיות", מיט וועלכע זיין קעגנער רבי שמואל בן עלי איז אַרויסגעטראָטן קעגן אים.

אין דער דאָזיקער שטעלע הערט זיך שיר נישט, ווי אַ מין מתנצל זיין זיך, אַז אים קומט אויס צו ליידן אין אייניקע פעלע דערפון, וואָס ער האָט זיך מיט צופיל פאַרהערלעכונג באַצויגן צו די רייד פון די גאונים, וואָס ער האָט מיט צופיל געהאָרכזאַמקייט זיך געלאָזט נאָכגיין נאָך די פירושים זייערע: דאָס האָט קיין גוטס נישט געטאָן נישט אים און נישט דעם פירוש זיינעם. ער שרייבט דאָרטן, אַז דער רוב פון די פעלערן אין זיין פירוש, אויף וועלכע עס ווייזט אָן דער אָפּאָנענט זיינער שטאַמט דערפון, וואָס ער איז בנוגע זיי פאַרפירט געוואָרן פון זיין נאָכפאָלגן די רייד פון די גאונים, ווי רבנו נסים ז"ל אין זיין „מגלת סתרים" און רב חפץ נ"ע אין ספר

המצוות און נאָך אַנדערע איסער זיי, וואָס ער דערמאָנט דאָ נישט, ווייל ער וויל חס על כבודם זיין.

און נאָך אין אַן אַנדער שטעלע פון אַ תשובה זיינער, דאָרטן, וואו ער שרייבט וועגן דער נוסחא ראשונה פון אַ משנה, וואָס ער האָט נאָכדעם קאָרעגירט, דערציילט ער אונדז, אַז אין דעם פּירוש אויף דער דאָזיקער משנה איז ער דאָן, אידער זי איז פון אים קאָרעגירט געוואָרן אין אַ צווייטער קאָפּיע, „נאָכגעגאַנגען נאָך דעם, וואָס עס האָט געשריבן וועגן איר דער כותב הדינין ר' חפץ ז"ל.

צווישן די איבערזעצער פון דעם פּירוש המשניות אויף העברעיש האָבן זיך אויך געפונען אַזוינע צוויי באַרימטהייטן, ווי רבי שמואל אבן תבון און רבי יהודה אלחריזי, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט אויך אַן אייגענע איבערזעצונג פון „מורה נבוכים" געמאַכט. זיי זיינען אויך געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך פאַר דער אַרבעט פון איבערזעצן דעם פּירוש המשניות גענומען. רבי שמואל אבן תבון האָט איבערגעזעצט דעם פּירוש אויף „חלק" אין „סנהדרין" און מסכת „אבות". אלחריזי — „זרעים" ביז „תרומות". ערשט נאָכדעם, ווי דער רמב"ם איז שוין אַ יאָר אַכציק מער נישט צווישן די לעבעדיקע געווען, זיינען דורך פאַרשידענע איבערזעצער אויך די איבעריקע טיילן פון פּירוש אויף העברעיש איבערגעזעצט געוואָרן. פון „תרומות" ביז דעם סוף האָט איבערגעזעצט דעם פּירוש פון רמב"ם רבי יוסף בן יצחק אלפואל. דער זעלבער האָט נאָך פריער איבערזעצט דעם סדר „מועד". דעם סדר „נשים" האָט איבערגעזעצט אַ בן עיר זיינער רבי יעקב בן משה עכסאי מיט דער מיטווירקונג פון זיין חבר רבי חיים בן שלמה הרופא בן בקא. סדר „נזיקין" איז אַרום דער זעלבער צייט — אין יאָר נ"ח לאלף השישי. די ערשטע צוויי האָבן אויך פאַרענדיקט זייער אַרבעט אין יאָר נ"ח לאלף השישי — איבערגעזעצט געוואָרן דורך שלמה ב"ר יוסף. סדר קדשים — דורך נתנאל ב"ר יוסי הרופא. דער סדר „טהרות" ווייסט מען נישט פון וועמען און ווען ער איז איבערזעצט געוואָרן. עס איז אָבער דאָך זיכער, אַז ער איז איבערזעצט געוואָרן, כמעט, אַרום דער זעלבער צייט, ווען די אויבן אויסגערעכנטע איבערזעצונגען זיינען געמאַכט געוואָרן. עס זעט אויך אויס, אַז עס איז פון אים מער, ווי איין איבערזעצונג געמאַכט געוואָרן. ווארום די זעלבע שטעלן, וואָס ווערן ציטירט פון פּירוש המשניות ביי איין ידישן גדול ווערן אַמאָל ביי אַנדערע אין אַן אַנדער נוסח געבראַכט.

דר. יצחק פאַלישוק

# דעם רמב"מס ביטראָג צו דער אַנטוויקלונג פון דעם אייראָפּעישן דענקען

אין דער הקדמה צו זיין „מורה נבוכים" דערקלערט דער רמב"ם די אויפגאַבע, וואָס ער האָט זיך געשטעלט. ער זאָגט „דער אבזיכט פון דער דאָזיקער אַרבעט איז אויפצוקלערן דעם רעליגיעזן מענטשן, וואָס האָט געלערנט צו גלויבן אין אמת פון אונדזער הייליקן געזעץ און וועלכער פאָלגט געוויסנהאַפט אויס די מאָראַלישע פליכטן; אין דער זעלביקער צייט האָט ער אויך געהאַט דערפאָלג אין זיינע פילאָזאָפישע פאָרשונגען; דער שכל האָט אים דיקטירט, ער זאָל אויך זיך אָנהאַלטן אין דער ספערע פון פילאָזאָפישן דענקען. אַזאַ מענטשן איז שווער אָנצונעמען פאַר אמת די לערע, וואָס איז באַזירט אויף ווערטלעכע אינטערפּרעטאַציע פון געזעץ... פון דעם אַלעמען ווערט ער צעטומלט און פאַרלוירן".

דערפון קען מען זען, אַז די אויפגאַבע וואָס דער רמב"ם האָט זיך געשטעלט איז געווען אַ גאַנץ שווערע: פון איין זייט האָט ער געגלויבט אין דער הייליקייט פון געזעץ און האָט געגלויבט אין די מאָראַל־רעליגיעזע פליכטן און פון דער צווייטער זייט האָט ער געגלויבט אין די פילאָזאָפישע באַגריפן, וואָס האָבן אים געשטערט פון קענען אָננעמען די ווערטלעכע אינטערפּרעטאַציע פון געזעץ און פון דער רעליגיע אין אַלגעמיין.

זיין אויסגאַנגס פונקט איז געווען אַ שטרענג רעליגיעזער און צו דער זעלביקער צייט איז ער געווען אַן אויסגעהאַלטענער ראַציאָנאַליסט, אַן אַריסטאָטעליאַנער: ער האָט נישט נאָר געגלויבט אינעם אמת פון די הייליקע ספרים, ער האָט אויך געגלויבט אין דער לערע פון „גרעסטן פון אַלע פילאָזאָפן". לויטן מאָדערנעם דענקען איז שווער צו פאַרשטיין ווי מ'קען זיך אונטערנעמען צו האַרמאָנירן אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע מיטן פונדאַמענטאַלן באַגריף פון קרעאַציע לויט דער תורה. דער רמב"ם האָט אָבער נישט אָפּערירט מיט קיין מאָדערנע באַגריפן, ווייל כאָטש ער איז געווען אַן אויסגעהאַלטענער ראַציאָנאַליסט, האָט ער אויך געגלויבט אַז „ס'איז באַוויזן געוואָרן, אַז מאָראַלע האַנדלונגען העלפן אַרויס אינטעלעקטואַלן פּראָגרעס, אַז נאָר אַזוינע, וואָס האָבן אַ ריינעם כאַראַקטער און וועלכע זענען געזעצט און זענען קאַלטבלוטיק, קענען זיך דערטראַכטן צו ריכטיקע באַגריפן. אַ סך

מענטשן זיינען אַזוי פאָרמירט, אַז זיי קענען נישט זיין פולקאָם".

פאַרשטייט זיך, אַז ווען מ'גלויבט, אַז מאָראַלע האַנדלונגען און ריינער כאַראַקטער העלפן צו קענען פאָרמירן ריכטיקע באַגריפן, קען מען אויך גלויבן, אַז ווען מען באַזיצט די געוואונטשענע אייגנשאַפטן, האָט מען רעכט אויסצוטייטשן די תורה אַזוי, אַז זי זאָל שטימען מיט אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע. עס דאַרף אָבער צוגעגעבן ווערן, אַז דעם רמב"ם האָט אפילו אין געדאַנק נישט געקענט איינפאַלן, אַז ער קאָמבינירט זיך ווידערשפרעכנדיקע באַגריפן; ער איז געווען זיכער, אַז אַריסטאָטעל און די הייליקע ספרים אַנטהאַלטן די זעלביקע אמתן, מ'דאַרף זיי נאָר ריכטיק פאַרשטיין און מ'דאַרף וויסן ווי זיי צו קאָאָרדינירן.

די הייליקע ספרים אַנטהאַלטן דעם אמת דערפאַר, וואָס זיי באַשטייען פון אַנטפּלעקונגען (דאָס האָט אויך איינגעשלאָסן די תורה שבעל פה. ער האָט אפילו געגלויבט, אַז פילאָזאָפישע באַגריפן זיינען צו די יידן געגעבן געוואָרן דורך אַנטפּלעקונג, נאָר דורך די שלעכטע צייטן האָבן די יידן פאַרגעסן די פילאָזאָפישע אַנטפּלעקונגען...). אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע אַנטהאַלט אמת דערפאַר, ווייל דער מענטשלעכער שכל שטאַמט פונעם געטלעכן קוואַל, דעריבער קען דער שכל זיך דערטראַכטן צום אמת פון דער וועלט.

אַזוי ווי דער זעלביקער אמת געפינט זיך איןביידע פלעצער, איז וואָלט אַריסטאָטעל געווען באַוויזן, אַז די וועלט איז אַ קדמון, וואָלט ער, דער רמב"ם, געדאַרפט אויסטייטשן דעם מיין פון דער תורה אַזוי, אַז ס'זאָל שטימען מיט אַריסטאָטעלן... דאָס איז פאַר אים געווען זעלבסט פאַרשטענדלעך. אַזוי ווי אָבער אַריסטאָטעל האָט דאָס נישט באַוויזן, האָט ער זיין מיינונג נישט אָנגענומען און האָט אָנגענומען די מיינונג פון די נביאים. לויטן רמב"מס אויסגאַנגס פונקט איז, סיי ווי אויסגעקומען, אַז די נביאימס וויסן איז אַ סך זיכערער איידער די מיינונג פון פילאָזאָפן ער איז אַ דירעקטער, וואָס איז געווען אַ רעזולטאַטן פון אַנטפּלעקונג.

כדי צו קענען געניי פאַרשטיין דעם רמב"ם, אָדער וועלכן ס'איז אַנדערן מיטלאַלטערלעכן דענקער, דאַרף מען זיך אַריינלעבן אין זיין רעליגיעזן אויסגאַנגס פונקט און דאָס איז גאָרנישט לייכט צו טאָן פאַר אַ מאָדערנעם מענטשן. מ'דאַרף אויפגעבן די אייגענע ספקות און ספעקולאַציעס און מ'דאַרף זיך שטעלן אויפן שטאַנדפונקט פון אַבסאָלוטן גלויבן. דער רמב"ם האָט געלעבט און געאַטעמט מיט דער

רעליגיע. דאָס איז פאַר אים געווען דער אַבסאָלוטער אמת וועגן דער וועלט. אין דעם איז ער נישט געווען קיין אויסנאַם. אַלע, אויסער עטלעכע אַראַבישע דענקער, האָבן געלעבט מיטן גלויבן.

ווי יעדן מיטלאַלטערלעכן דענקער, האָט דעם רמב״ם צום ערשטן אינטערעסירט צו באַווייזן, אַז גאָט עקזיסטירט. אין אָט דעם באַווייז איז געלעגן די מעטאַפיזיק פון דעם מיטלאַלטער. נאָך דעם ווי זיי האָבן אָנגעגעבן די פילאָזאָפישע באַווייזן, אַז גאָט עקזיסטירט, זיינען זיי איבערגעגאַנגען צו דער פּראָבלעם ווי ער האָט באַשאַפן די וועלט און א. אז. וו. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז זייערע באַווייזן האָבן געדאַרפט שטימען מיט דער רעליגיע, וואָס זיי האָבן גענומען פאַר זייער אויסגאַנגס פּונקט.

די ערשטע אויפגאַבע, וואָס דער רמב״ם האָט געהאַט איידער ער האָט געקענט זיך באַשעפטיקן מיט זיין צענטראַלער מעטאַפיזישער פּראָבלעם, איז געווען צו דערקלערן די אַנטראָפּאָמאָרפישע אַטריבוטן מיט וועלכע גאָט ווערט כאַראַקטעריזירט אין תנ״ך. די דאָזיקע פּראָבלעם האָט געהאַט יעדער ידישער דענקער פון פילאָנען אָן. פאַרן רמב״ם איז אָבער די פּראָבלעם געווען אַ סך וויכטיקער ווי פאַר אַנדערע ידישער דענקער, ווייל ער האָט די ניט קערפּערלעכקייט פון גאָט אָנגענומען פאַר איינעם פון זיינע עיקרים. זיין דערקלערונג וועגן די אַנטראָפּאָמאָרפיזמען, וואָס איז נישט געווען קיין נייעס פאַר זיך, איז געווען אַז מ׳דאַרף זיי אינטערפּרעטירן אַלעגאָריש, אַז די אויסדריקן זיינען נישט מער ווי פאָרמען פון דער העברעישער שפּראַך, אָדער פון דעם באַטרעפנדן געדאַנק.

מען דאַרף אויך געדענקען, אַז דער רמב״ם איז נישט געווען אַזוי פריי ווי אַ מאָדערנער טעאָלאָג איז, וואָס דאַרף זיך בלויז רעכענען מיט אַבסטראַקטע באַגריפן. דער רמב״ם האָט זיך געמוזט רעכענען מיט צוויי קאָנקרעטע מיינונגען: מיט די הייליקע ספרים און מיט אַריסטאָטעלס אויטאָריטעטער מיינונג. געוויס האָט ער אין די הייליקע ספרים געקענט אַריינטייטשן זיינע באַגריפן, איגנאָרירן האָט ער זיי אָבער נישט געקענט. ער האָט געדאַרפט באַווייזן, אַז זיי שטימען מיט אַריסטאָטעלן. רעדט ער טאַקע וועגן עסענץ און אַטריבוטן לויט אַריסטאָטעלן און ווייזט גלייך אָן אויף ענלעכעס אין דער תורה און זאָגט „דער קליגסטער פון אונדזערע לערער, משה, האָט געפרעגט ביי גאָט צוויי פראַגן און האָט געקריגן איין ענטפער אויף ביידע. איין זאַך האָט ער געבעטן ביי גאָט, ער זאָל אים

באַקענען מיט זיין אמתער עסענץ און די צווייטע זאַך — ער זאָל אים באַקענען מיט זיינע אַטריבוטן. גאָט האָט משהן געענטפערט, אַז ער וועט אים באַקענען מיט זיינע אַטריבוטן, וואָס באַשטייען פון זיינע האַנדלונגען. ער האָט אים אויך געזאָגט, אַז זיין עסענץ קען מען נישט פאַרשטיין. ער האָט אָבער משהן אָנגעוויזן אויף אַ מעטאָד, לויט וועלכן מ׳קען קריגן דעם העכסטן וויסן וועגן אים, וועלכן אַ מענטש קען דערגרייכן. דעם וויסן וועגן גאָט, צו וועלכן משה האָט דערגרייכט האָט קיין איין מענטש, נישט פאַר אים און נישט נאָך אים, דערגרייכט. דער רמב״ם ציטירט דעם פסוק פון שמות אין וועלכן משה בעט ביי גאָט „לאז מיר וויסן, איך בעט דיך, דיינע וועגן, אַז איך זאָל דיך קענען, כדי צו קריגן לייטזעליקייט אין דיינע אויגן״. און דער רמב״ם קאָמענטירט: „פון דעם קענען מיר לערנען, אַז וועגן גאָט ווערט מען באַקאַנט דורך זיינע אַטריבוטן. דערפאַר וואָס משה האָט געגלויבט אַז ער האָט אים געקענט ווען גאָט האָט אים אָנגעוויזן אויף זיין וועג״.

פונעם ציטירטן קען מען זיך באַקענען מיטן רמב״מס מענטאַליטעט. ער האָט געגלויבט באמונה שלימה אינעם אמת פון דער תורה, אַז גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו משהן דורך זיינע מעשים און משה האָט געוואוסט גאָט מער ווי וועלכער ס׳איז אַנדער מענטש. אין דער זעלביקער צייט איז דעם רמב״מס דענקען אין אַלגעמיין פולשטענדיק געווען קאָנדיציאָנירט דורך אַריסטאָטעלס ראַציאָנאַלער פילאָזאָפיע און ער איז געווען זיכער, אַז אי משה אי אַריסטאָטעל זאָגן איינעם און דעם זעלביקן אמת וועגן גאָט. זיי ביידע האָבן דעם אַבסאָלוטן אמת: זיי זאָגן אים נאָר אַרויס אויף פאַרשידענע אופנים. דער רמב״ם איז אויך געווען זיכער וועגן זיך, אַז ער גופא איז באַשאנקען געוואָרן מיטן נויטיקן שכל, צו קענען באַנעמען דעם איינהייטלעכן אמת, וואָס איז דער זעלביקער אין די הייליקע ספרים און ביים גרעסטן פון אַלע פילאָזאָפן.

ביז דעם רמב״ם האָבן אַלע אַראַבישע (אויסער אָווערויזן) און יידישע דענקער אָנגענומען פאַר אַ פילאָזאָפישן באַווייז, אַז גאָט עקזיסטירט, דאָס וואָס די וועלט זאָל געווען האָבן אַן אָנהויב אין צייט. זיי האָבן אָנגעגעבן באַווייזן, אַז די וועלט האָט נישט געקענט אייביק עקזיסטירן, אַז זי איז אַ באשאפענע און אַזוי ווי יעדע באַשאפענע זאַך מוז „איפּסאָ פאַקטאָ״ האָבן אַ באַשאפער, זי קען דאָך נישט אַנטשטייען פון זיך אַליין, איז פאַלגלעך, אַזוי ווי די וועלט

איז אַ באַשאַפענע, איז דער באַוויז, אַז גאָט עקזיסטירט און ער האָט זי באַשאַפן.

דער רמב"ם האָט נישט אָנגענומען דעם דאָזיקן באַוויז; ער זאָגט, אַז ער האָט אים שטודירט אויספירלעך און ער האָט אויסגעפונען אַז עס איז נישט קיין זיכערער באַוויז און דערפאַר איז ריזיקאַליש צו באַזירן אויף אים די עקזיסטענץ פון גאָט: — מען קען נישט באַזירן די עקזיסטענץ פון גאָט אויף אַ נישט באַוויזענער מיינונג. ער האָט זיך אונטערגענומען צו באַווייזן, אַז גאָט עקזיסטירט אַלענפאַלס, צי די וועלט איז אַ באַשאַפענע, אָדער זי האָט אייביק עקזיסטירט.

דעם צווייטן טייל פון „מורה נבוכים" הייבט דער רמב"ם אָן מיט זעקס און צוואַנציק פּראָפּאָזיציעס אָדער עיקרים, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון אַריסטאָטעלס פיזיק און פון די אַראַבישע אַריסטאָטעליאַנער. די עיקרים נעמט ער דאָגמאַטיש אָן פאַר אַבסאָלוטע אמתן. פאַרוואָס ער נעמט זיי דאָגמאַטיש אָן זאָגט ער נישט. עס דאַרף מיינען, אַז זיי באַשטייען פון אַבסאָלוט־באַוויזענע אמתן, וואָס ווערן נישט אָפּגעפרעגט פון קיינעם.

אָבער פאַר אַבסאָלוט אמת נעמט דער רמב"ם פאַקטיש נאָר אָן פינף און צוואַנציק עיקרים, אָדער פּראָפּאָזיציעס, די זעקס און צוואַנציקסטע (אַז באַוועגונג איז אייביק) נעמט ער אָן נאָר פּראָוויזאָריש, כדי מיט איר הילף צו דעמאָנסטרירן אַז גאָט עקזיסטירט, אַז ער איז איינהייטלעך און אַז ער איז נישט קערפּערלעך; ער גלויבט אָבער נישט אַז באַוועגונג (וואָס מיינט מאַטעריע) האָט עקזיסטירט אייביק. ווען דער רמב"ם ווערט פאַרטיק מיט זיינע באַוויזן אַז גאָט עקזיסטירט נעמט ער זיך באַקעמפן די פּראָפּאָזיציע. ער אַרגומענטירט, אַז אַריסטאָטעל האָט נישט באַוויזן איר אמת... עס גלויבט זיך נישט, אַז אַזאַ שאַרפער אַנאַליטיקער ווי דער רמב"ם איז געווען, זאָל אין דעם פאַל געווען מאַכן אַ פלאָנטער; עס איז לייכטער אָנצונעמען, אַז לויט זיינע קאָמפּליצירטע באַווייזן איז ווירקלעך נישט געווען קיין אונטערשייד צי באַוועגונג האָט אייביק עקזיסטירט אָדער נישט, טראָץ דעם וואָס דאָס לעצטע איז נישט איבעריק פאַרשטענדלעך.

אין דער ענגליש־יידישער ענציקלאָפּעדיע ווערט סומירט דער רעזולטאַט פון רמב"מס זייער קאָמפּליצירטע אָפּהאַנדלונג אַזוי:

גאָט עקזיסטירט ווייל:

1) קיין שום באַוועגונג קען נישט פאָרקומען אָן עמיצן, וואָס

ברענגט די באַוועגונג אַרויס און אַז אַלע באַוועגונגען מוזן קומען צו אַ שטילשטאַנד.

2) אַזוי ווי אייניקע זאַכן באַוועגט מען און אויך זיי רופן אַרויס אַ באַוועגונג און אַנדערע זאַכן, כאָטש אַליין ווערן זיי באַוועגט, גיבן זיי גופא נישט איבער די באַוועגונג, מוז עמיצער עקזיסטירן וואָס איז די סיבה פון דער באַוועגונג און אַליין באַוועגט ער זיך נישט.

3) אַזוי ווי די זאַכן אין אַלגעמיין זענען טיילוויז פּערמאַנענט און טיילוויז ענדערנדיק, מוז עקזיסטירן אַ פּערמאַנענטער וועזן.

4) אַזוי ווי קיין שום זאַך קען פון זיך אַליין נישט איבערגיין פון פּאָטענציאַליטעט צו אַקטיוויטעט און אויך נישט פאַרקערט, פון אַקטיוויטעט צו פּאָטענציאַליטעט, מוז מען אָננעמען, אַז עס עקזיסטירט ווער, וואָס איז אַבסאָלוט זיכער און אַקטיוו אָן אַ ברעקל פּאָטענציאַליטעט.

דערפון קען מען זען, אַז די אַלע באַווייזן וועגן גאָטס עקזיסטענץ דרייען זיך אַרום דער פּראָבלעם פון באַוועגונג. דאָס איז אַביסל קשה...

ווען דער רמב"ם ווערט פּאַרטיק מיט זיינע באַווייזן, אַז גאָט עקזיסטירט, גייט ער איבער צו דער פּראָבלעם פון באַוועגונג און קריטיקירט אַריסטאָטעלס באַהויפּטונג, אַז באַוועגונג, וואָס מיינט נאַטירלעך מאַטעריע, האָט אייביק עקזיסטירט.

„איך בין איבערצייגט — זאָגט דער רמב"ם — אַז אַלץ, וואָס אַריסטאָטעל זאָגט וועגן דער אייביקייט פון דער וועלט, וועגן דער סיבה פון פאַרשידנאַרטיקייט און באַוועגונג פון די ספערן און וועגן די אינטעליגעבלס, קען נישט באַוויזן ווערן און אַריסטאָטעל האָט קיינמאָל אין זינען נישט געהאַט דאָס צו באַווייזן".

„מיר ווייסן, אַז די מאַיאָריטעט פון די וואָס האַלטן זיך פאַר חכמים, כאָטש זיי ווייסן גאָרנישט וועגן וויסנשאַפט, נעמען אָן די טעאָריע, אַז די וועלט איז אַ קדמון, לויט דער אויטאָריטעט פון באַוואוסטע געלערנטע. זיי נעמען נישט אָן די רייד פון די נביאים, ווייל די נביאים ניצן נישט קיין וויסנשאַפטלעכן מעטאָד, זיי גיבן נאָר איבער דעם אמת, ווי זיי האָבן אים געקריגן דורך דער געטלעכער אינספּיראַציע".

דעם רמב"מס מיינונג איז דאָ ציטירט געוואָרן אויספירלעך דערפאַר, וואָס די דאָזיקע מיינונג האָט געהאַט אַ באַשטימענדיקע

ווירקונג, אַז אַריסטאָטעל זאָל אָנגענומען ווערן אין דער רעליגיעזער וועלט.

ווי מ'קען זען פון ציטירטן, איז דעם רמב"מס אויפטו באַשטאַנען אין דעם וואָס ציטירנדיק אַריסטאָטעלן האָט ער אַרויסגעבראַכט, אַז אַריסטאָטעל האָט נישט געגעבן קיין פּאָזיטיווע באַווייזן, אַז די וועלט (מאַטעריע) האָט אייביק עקזיסטירט. ער האָט נאָר אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג. ער האָט אָבער געוואוסט אַז דאָס וואָס ער זאָגט וועגן דעם ענין איז נישט מער ווי אַ מיינונג און נישט קיין באַווייז.

פאַרן רמב"ם און פאַר זיין צייט איז דאָס וואָס ער האָט דערקלערט געווען אַזאַ קאָלאָסאַלער אויפטו, אַז איצט, ווען דער דענקען איז אינגאַנצן אַן אַנדערער, ווען זיין גאַנצע אַרגומענטאַציע האָט נישט מער ווי אַ היסטאָרישן ווערט, — קען מען דעם ווערט פון זיין אויפטו נישט ריכטיק אָפּשאַצן. כדי צו קריגן וועלכן ס'איז באַגריף וועגן זיין אויפטו, דאַרף מען נעמען אַ היסטאָרישן פּערעספּעקטיוו און זיך שטעלן אויפן שטאַנדפּונקט פונעם צוועלפטן יאָרהונדערט, ווען דער גאַנצער דענקען איז געווען אָריענטירט אויף דער אויטאָריטעט פון דער פאַרגאַנגענהייט און מען האָט אָנגענומען די אויטאָריטעטע מיינונג אָן וועלכע ס'איז פראַגן, דאַמאָלסט זיך צו שטעלן קעגן אַריסטאָטעלן, ווען ער איז באַטראַכט געוואָרן כמעט פאַר אַ הייליקן, האָט זיך געפאָדערט אַ סך קוראזש.

ווען דער רמב"ם האָט געענדערט אַריסטאָטעלס גאָט און זיין וועלט, זיי זאָלן שטימען מיטן יידישן באַגריף לויטן תנ"ך, האָט ער זיך גענומען צום תנ"ך און האָט אים אינטערפּרעטירט אַזוי, אַז ער זאָל אַפּעלירן צו אַ פילאָזאָפיש געשטימטן מענטשן. ווי ביי אַריסטאָטעל, אַזוי אויך ביים תנ"ך, פאַרלירט ער נישט זיין מוט און דענקט ניכטער. ער ציטירט דעם טייל פון ישעיהו, וואו ער זאָגט:

„די שטערן פון הימל און זיינע מזלות וועלן נישט שיינען אין זייער ליכט, די זון וועט ווערן פינצטער אין איר אויפגאַנג און די לבנה וועט נישט שימערן אין איר ליכט" און אַז. וו. קאָמענטירט דער רמב"ם:

„איך קען נישט גלויבן, אַז ווער עס איז וועט זיין אַזוי נאַריש און בלינד, אַז ער זאָל נעמען ווערטלעך אָט די פיגוראַטיווע און אַלעגאָרישע פראַזן און זאל דענקען, אַז ווען בבל וועט פאַלן וועט אין דער נאַטור פון די הימלען און פון די שטערן פאָרקומען אַזאַ ענדערונג, אַז די ליכט פון דער זון און פון דער לבנה וועלן זיך

ענדערן און אַז די ערד וועט פאַרלאָזן איר צענטער" (מורה ז. 205).

צו אינטערפּרעטירן אַזוי פריי דעם תנ"ך אינעם צוועלפטן יאָרהונדערט האָט זיך געפאָדערט אַ סך ניכטערן דענקען און נאָך מער — מוט; דער רמב"ם, ווי מ'קען זען, האָט פאַרמאָגט ביידע אייגנשאַפטן. אַלעגאָריש האָט ער אָבער בלויז אינטערפּרעטירט זאַכן וואָס האָבן געפאָדערט אַזאַ אינטערפּרעטאַציע און נישט נבואה אין אַלגעמיין. נבואה האָט ער, נאַטירלעך, בעטראַכט פאַר דירעקטער אַנטפּלעקונג פון גאָט צו זיינע נביאים. אָבער אויך אין באַצוג צו נבואה האָט ער נישט אויפגעגעבן זיין פילאָזאָפישן דענקען. ער זאָגט:

„אין דערווירקלעכקייט באַשטייט נבואה פון אַ מין עמאַציע; זי ווערט אַרויסגעשיקט פונעם געטלעכן וועזן, מיט דער הילף פונעם אַקטיוון אינטעלעקט, פון אָנהייב צו דער ראַציע און נאָך דעם צו דער פאַנטאַזיע. דאָס איז דאָס העכסטע און פולקאָמסטע, וואָס דער מענטש קען דערגרייכן. נישט יעדער איינער באַזיצט די אייגנשאַפט און נישט יעדער איינער קען זי דערווערבן דורך קולטיווירן זיינע פּסיכישע און מאָראַלע פאַקולטעטן".

נאָך דעם ווי דער רמב"ם דערקלערט ווי פולקאָם דער קערפּער און די חושים פון נביא דאַרפן זיין און ער דערקלערט די אופנים ווי נבואה ווערט אויפגענומען, זאָגט ער:

„די סובסטאַנץ פון זיין מארך דאַרף זיין פּערפעקט פון ריינער מאַטעריע אַזוי גוט ווי אינעם צוזאַמענשטעל פון די פאַרשידענע טיילן וואָס אָנבאַלאַנגט מאָס און פּראָפּאָרציע. קיין איין טייל פון זיין קערפּער טאָר נישט זיין קראַנק... זיינע עמאָציעס און זיינע לײדנשאַפטן דאַרפן זיין ריינע און באַלאַנסירטע. זיינע גלוסטונגען דאַרפן זיין פון אַזאַ כאַראַקטער, אַז ער זאָל שטרעבן צו דערווערבן דעם וויסן פון די פאַרבאָרגענע געזעצן און די סיבות, וואָס ווירקן אין דער וועלט".

ווי מ'קען זען האָט דער רמב"ם אויך נבואה ראַציאָנאַליזירט און מען קען זאָגן, אַז ער האָט אויף איר געמאַכט אַזאַ אָפּעראַציע, ווי ער האָט געמאַכט אויף אַריסטאָטעלן.

מען האָט דעם רמב"ם אַ סך קריטיקירט, אַז ער איז געווען האַרט און טרוקן, אַז אים האָט געפעלט צאַרטקייט און פאַנטאַזיע; ער האָט נישט געהאַט קיין חוש פאַר שיינקייט (ער האָט נישט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון פּאָעזיע) און אַז ער האָט נישט געהאַט קיין היסטאָרישן פּערספּעקטיוו; ער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם געשיכטלעכן פּראָצעס. די אַלע אויסזעצונגען זענען געוויס

ריפּטיקע, אין דעם איז ער געווען דער נאַטירלעכער טעאָלאָג פון זיין צייט. זיין צייט האָט זיך אָבער געגויטיקט אין אַ זייער ניכטערן דענקער און די פעיקייט צו דענקען איז דער רמב״ם באַזעסן ביזן העכסטן גראַד.

פונעם שטאַנדפונקט פון דער פאַרבינדונג פון די ייִדישע רעליגיעזע באַגריפן מיט אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע קען דער „מורה נבוכים" צעטיילט ווערן אין דריי טיילן: דער ערשטער טייל באַשטייט אין געבן די טערמינען פון תנ"ך אַ פילאָזאָפישן מיין, אַז די אַנטראָפּאָמאָרפיזמען זאָלן פון אים פאַרשווינדן, כדי ער זאָל קענען פילאָזאָפיש אינטערפּרעטירט ווערן; דער צווייטער טייל איז דער טעאָרעטישער, ער באַשטייט אין אַריינפירן האַרמאָניע צווישן דעם אינהאַלט פון תנ"ך און אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע; און דער דריטער טייל איז אַ פּראַקטישער: ער באַשטייט אין ציען עטישע און אַלגעמיין־רעליגיעזע שלוסן פונעם תנ"ך אין דער ליכט פון אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע. פון דעם אינהאַלט פון „מורה נבוכים" קען מען זען, אַז דער רמב"ם האָט אים געשריבן פון אַ ריין ייִדיש־רעליגיעזן שטאַנדפּונקט און אַז ער האָט אין זינען געהאַט דעם ייִדישן לייענער. עס האָט אָבער לאַנג נישט גענומען און:

„אַלעקסאַנדער פון האַלם, ווינסענט דע באָוואויס, אַלבערט דער גרויסער, טאָמאַס אַקווינוס און דאַנס סקאָטוס, האָבן ציטירט דעם רמב״ם ווי אַן אויטאָריטעט. זיי האָבן ביי אים געבאָרגט מער ווי איין אידעע; וואָס דער קריסטלעכער מיטלאַלטער איז דערהויפּט שולדיק מיימאָנידוסן איז מער ווי פאַר איינער אָדער פאַר אַ צווייטער באַשטימטער דאָקטרין, נאָר פאַרן ביישפּיל, וואָס ער האָט איר געגעבן דורך זיין וואונדערבאַרער אינטעלעקטועלער אינטעגריטעט".
(אַזוי שרייבט עטישן שזילסאָן אין זיין בוך „עסייס אָן מיימאָנידוס").

דער רמב"ם האָט באַוויזן, אַז מ'קען זיין אַן אויסגעהאַלטענער רעליגיעזער ייד און אין דער זעלביקער צייט זיין אַ ראַציאָנאַלער דענקער. וואָס מ'דאַרף טאָן איז האַרמאָנערן און סינטעזירן די פאַקטן אַזוי, אַז זיי זאָלן שטימען צווישן זיך. דאָס, ווי מ'קען זען, האָט ער פאַר זיין צייט געטאָן מיט פולשטענדיקער צופרידנהייט פאַר ביידע צדדים, אי פאַר דער רעליגיע, אי פאַרן ראַציאָנאַלן געדאַנק. אין אָט דעם סינטעז, וואָס ער האָט געשאַפן פאַר דעם מיטלאַלטער, ליגט זיין גרעסטער פאַרדינסט פאַרן אַלגעמיינעם דענקען.

געוויס קען זיין סינטעז איצט נישט אָנגענומען ווערן. — אַ

גרויסער טייל פון דעם, וואָס ער האָט אָנגענומען פאַר זעלבסטפאַרשטענדלעך קען איצט אין דעם אפילו אַ שטרענג־רעליגיעזער מענטש נישט גלייבן און נאַטירלעך, אַז דאָס קען נישט אַפּעלירן צו אַ מאָדערנעם מענטשן. דער רמב״ם דאַרף אָבער באַטראַכט ווערן פון אַ היסטאָרישן פּערספּעקטיוו און דאַרף געבומען ווערן לויט די באַגריפן פון זיין צייט. פאַר זיין צייט, און דאָס מיינט שוין אויך פאַרן ווייטערדיקן דענקען אין אַלגעמיין, האָט ער אויפגעטאָן, דאָס וואָס נישט צופיל דענקער קענען זיך מיט דעם באַרימען. ער האָט געעפנט אַ וועג פאַרן מענטשלעכן געדאַנק, אַז ער זאָל קענען ווייטער שאַפן.

אַ שלוס־באַמערקונג וועגן רמב״ם אַלס דענקער: די באַהויפּטונג וואָס מען מאַכט, אַז דעם רמב״ם האָט געפעלט אָריגינאַליטעט און אַז ער איז נישט געווען קרעאַטיוו און דערפאַר וואָלט, אונטער אַנדערע באַדינגונגען, שלמה אבן גבירול מיט זיין אָריגינאַליטעט געוויס געווען געשפּילט אַ גרעסערע ראָל, אַלס דענקער, איידער דער רמב״ם, מעגלעך אַז די דאָזיקע באַהויפּטונג האָט אַ געוויסן גרונט. עס איז אָבער אויך מעגלעך, אַז מיט זיין גרויסן אינטעלעקט און מיט זיין ראַציאָנאַלן דענקען וואָלט דער רמב״ם אין יעדער צייט געווען דערגרייכט אַ גאַנץ הויכע שטופע אין דענקען. אויך די דאָזיקע מיינונג קען נישט באַשטרייט ווערן. ווי עס זאָל נישט זיין, זיינען זיינע לימיטאַציעס פאַר זיין צייט געווען אַ מעלה און נישט קיין חסרון, אין אַ צייט ווען אויטאָריטעטן פון דער רעליגיע האָבן געהערשט, זיינען אָריגינאַליטעט און שעפערישקייט געווען אַ שטערונג. אָדער מ׳האָט אַזאַ דענקער אינגאַנצן נישט פאַרשטאַנען אָדער ווען מען האָט אים יאָ פאַרשטאַנען האָט מען אים פאַרפאָלגט. האָט זיך דאָך אויך אַרום דעם רמב״ם אַנטוויקלט אַ שטרייט נאָך זיין טויט, כאָטש ער איז נישט געווען קיין רעוואָלוציאָנער אין זיין דענקען. וואָלט ער געווען אָריגינעל וואָלט זיין ווירקונג געוויס געווען אַ קלענערע. דאַרף מען אים באַטראַכטן לויט זיין צייט און לויט זיין ווירקונג אויף איר. באַטראַכט מען דעם רמב״ם פון אָט דעם שטאַנדפּונקט מוז מען איינשטימען מיט שזילסאנען, אַז דער רמב״ם האָט געהאַט באַשטימענדיקע ווירקונג אויף זיין צייט. און ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, ווירקט ער נאָך איצט אויך אויף דער וועלט דורך דעם קאַטאָליציזם, נאַטירלעך, אויף אַן אומדירעקטן אופן.

י. ב. ביילין

# דער רמב״ם — אַ וויכטיקע דאַטע אין דער יידישער קולטור־געשיכטע

.1

דריי הונדערט יאָר איידער דער מיטל־אַלטערלעכע חושך אין אייראָפּע האָט אָנגעהויבן צו בלייכן אונטער אַ כסדר־שטייגנדיקן ליכט פון רענעסאַנס און ווידערגעבורט, איז איינער פון די ערשטע קרעפטיקע פּאָרגייער זיינע, אויפן יידישן געביט, געווען משה בן־מיימון, אָדער ווי מען פאַרקירצט אים דער „רמב״ם", באַקאַנט אין דער אַלגעמיינער וועלט־ליטעראַטור אונטערן נאָמען „מאַימאָנידעס".

אוודאי זיינען פּאַר אים אויך געווען באַרימטע קולטור־שאַפער און באַנייער פונעם יידישן לעבן אינעם מיטלאַלטער. שוין אין צענטן יאָרהונדערט, אונטער דער השפעה פונעם אַראַבישן רענעסאַנס אין באַגדאַד און מצרים, און אין דער מאַכמעדאַנישער דרום־שפּאַניע, זיינען אויסגעוואָקסן אויך צווישן די יידן פּראָגרעסיווערע קולטור־כוחות. עס האָבן גענומען בלאָזן נייע ווינטן. די אַראַבער האָבן איבערגענומען אַ היפּשן באַגאַזש פון דער קלאַסיש־גריכישער ירושה, אין דער דאָזיקער אַראַבישער אויפלעבונג האָבן יידן גענומען אַ היפּשן אָנטייל.

אַזוי האָט שוין אין צענטן יאָרהונדערט ר׳ סעדיה גאון געפּרואווט געבן אַ פילאָזאָפישע באַזע צו דער וואַקלענדיקער יידיש־רבנישער אמונה, אין זיין אַראַביש ווערק (אמונה ודעה). דאָס האָט אויך געפּרואווט טאָן אין יענער צייט דער פילאָזאָפירנדיקער מלוכה־מענטש אין דער אַנדאַלוזישער שפּאַניע, ר׳ חסדאי איבן שפּרוט, די גראַמאַטיקער־פילאָלאָגן דונש בן לברט און מנחם בן סרוק. אין דייטשלאַנד האָט זיך באַרימט געמאַכט דער אימיגראַנט פון פראַנקרייך ר׳ גרשום בן יהודה מיט זיינע וויכטיקע רעפאָרמען (תקנות), וואָס האָבן אָפּגעשאַפט פּאָליגאַמיע (פיל־ווייבעריי) און פאַרדאַמט די מוסרים און פאַררעטער. אין 11־טן יאָרהונדערט האָבן נישט ווייניק ביישטעטראָגן צו אַ פּראָגרעסיווערן יידיש לעבן אין דער גראַנאַדער מאַכמעדאַנישער קעניגרייך דער ליבעראַלער מלוכה־מענטש ר׳ שמואל הנגיד און דער גרויסער דיכטער־פילאָסאָף שלמה בן גבירול אין מאַלאַגאַ און

סאַראַגאָסאַ און רש״י (ראשי, שלמה בן יצחק) אין פראַנקרייך מיט זיין אויסטיטשן די אַלטע רעליגיעזע ליטעראַטור. אינעם 12־טן יאָרהונדערט — דער ראבד — אברהם איבן דאוד, רעליגיעזער פילאָזאָף; דער פאָפּולערסטער יידישער דיכטער און פילאָזאָף פון מיטלאַלטער ר׳ יהודה הלוי און די אבן עזרא פאַמיליע מיטן פילאָזאָפישן סקעפּטיקער אברהם אבן עזרא בראש. רש״יס גרויסער אייניקל רבנו תם מיט זיינע רעפאָרמען — אַלץ באַרימטע נעמען אין דער געשיכטע פון דער ידישער קולטור אין מיטלאַלטער אויף פאַרשיידענע געביטן.

אָבער קיין איינער פון די אַלע דערמאָנטע האָט נישט אָנגעשלאָגן די הויך, די טיפקייט און ברייטקייט פונעם געניאַלן משה בן מיימון. קיין איינער פון זיי האָט נישט געוואַגט אַזוי אָפן אָפּצורייסן זיך פונעם אַלטן, געצנדינערישן, אַנטראָפּאָמאָרפישן גאָט־באַגריף, ווי דאָס האָט געטאָן „דער צווייטער משה״. קיינער האָט נישט געוואַגט מיטצוגיין אַזוי ווייט מיטן נישט־יידישן פילאָסאָף אַריסטאָטעלן, ווי ער האָט עס געטאָן. קיינער האָט נישט געעפנט אַזוי ברייט די טויערן פאַר אַריינלאָזן דעם שכל, דאָרט, וואו מ׳האָט געהאַט פאַרהאַקט פאַר אים אַלע טירן, און פאַרריגלט זיי מיט אַלע פרענטן.

שליסלעך, האָט קיינער נישט דערוואָרבן זיך אַזאַ גרויסע אויטאָריטעט סיי אין דער ידישער, סיי אין דער אַראַבישער און סיי אין דער קריסטלעכער וועלט, אַזוי ווי אָט דער דאָזיקער געלערנטער אויף פאַרשיידענע געביטן פון דער וויסנשאַפט.

פאַר דעם איז פריער פון אַלץ געווען צו פאַרדאַנקען זיין פאָטער ר׳ מיימון, וואָס איז געווען אַ דיין (דאַיען) אין קאָרדאָוואַ, און אַ מענטש, וואָס האָט אַליין מיט התמדה געלערנט אַ לעבן לאַנג אויסער די יידישע יוריספּרודענץ אויך מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און פילאָזאָפיע, אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט האָט ער געשענקט דעם דאָזיקן זון זיינעם, אַז מיר ווייסן אפילו געענוי די שעה, ווען דער דאָזיקער „צווייטער משה״ איז געבאָרן געוואָרן.

דאָס איז פאָרגעקומען, ערב פסח, איינס נאָך מיטאָג, דעם 30־טן מערץ, 1135. אַ וויכטיקע דאַטע אין דער געשיכטע פון דער יידישער קולטור אין מיטלאַלטער.

.2

די דאָזיקע דערשיינונגען — דער אַראַבישער רענעסאַנס גופא און זיין אָפּשפּיגלונג צווישן די יידן פון דרום-שפּאַניע און צפון־

אַפריקע, זײַנען אַלײן אױך נישט געװען קײן צופאַלן, און זײַנען נישט אַראָפּגעפאַלן פון הימל. דאָס איז געװען דער אױסדרוק פונעם נײעם סוחרישן קלאַס און פון זײַן אױסגעברײטערטן אידעאָלאָגישן באַנעם. די צוזאַמענגעקלאַפּטע ריזיקע אימפּעריע, װאָס איז אױסגעהאַמערט געװאָרן פון די אַראַבער אין משך פון פינף הונדערט יאָר, זינט דעם מיטן פון 7־טן יאָרהונדערט, און װאָס האָט דערגרײכט אַזױ װײט אין מזרח בין פּערסיע און אינדיע און אין מערב ביז טיף אין די שפּאַנישע לענדער, האָט דערמעגלעכט אַן אױסשפּרײט פון האַנדל אױף אַ גרױסן דרײ־קאָנטינענטאַלן מאַסשטאַב. די מערק פון סאַמאַרקאַנד און בוכאַרא, פון האַמאַדאַן און באַגדאַד, פון דמשק און אַלעקסאַנדריע ביז פאַס (פעץ), קאָרדאָװאַ און גראַנאַדאַ פון אײן זײט און אַזױ װײט װי די מערק פון די בײ־ימישע לענדער פון אינדישן אָקעאַן, האָבן נישט בלױז געביטן פײנע טעקסטילירטע לײַן־סחורות און זײדנס, אױף פאַנטאַסטישע רײך־אױזאַרירטע טעפּיכער, נאָר אױך אױף טײַערע אײדל־שטײנער און פײנע מעטאַלן און זײערע אױסגעאַרבעטע קונסט־שטיקער, אױף טײַערע פעלצן און שאַלן, טיכער און װאואַלן.

אין די אינטערעסן פון אָט דעם סוחרים־קלאַס איז געװען װאָס מער פאַרשטענדעניש צװישן פעלקער און װאָכ; װײניקער ענגהאַרציקער פאַנאַטיזם; װאָס מער פאַרקער און צוטרױ און װאָס װײניקער אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפליקטן און מלחמות; װאָס אַ ברײטערער בליק אױף גאָט און װעלט און װאָס אַן ענגערע דערנעענטערונג פון אײן רעליגיע מיט דער צװײטער.

צום גליק האָבן די אַראַבער אין זײערע מאַרשן נאָך באַװיזן צו ראַטעװען היפּשע אוצרות פון דער אַלטער גריכישער קולטור, איבערהױפּט פון איר פילאָזאָפיע און װיסנשאַפט. אין װאונדערבאַרע אַראַבישע איבערזעצונגען איז די גריכישע פילאָזאָפיע פון מיט דרײַצן יאָרהונדערטער צוריק אױפגעשטאַנען תחית־המתים. אַריסטאָטל איז צוריק אַרױפגעזעצט געװאָרן אױף זײַן טראָן. און אױב די אַראַבער זײַנען נישט געװען קײן מײסטערס פון גיפּס און מירמלשטײן, פון פאַרבן און קרײדן, װײל זײ האָבן זײ פּשוט נישט געהאַט, האָבן זײ זײערע קונסט־שטרעבונגען אױסגעדריקט אין לירישע אױסגוסן פון ליד און אָדע, אין מײסטערשאַפט פון מעשה־דערצײלונגען און רײזע־באַשרײבונגען.

דאָס איז געווען די צייט, ווען די אַראַבישע שפּראַך, וואָס איז פריער געווען אַן אָרעמע, כמעט ליטעראַטורלאָזע שפּראַך, איז אַדאַנק דעם צעשוואונג פונעם האַנדל און דעם פאַרקער, געוואָרן די געבלידעטנסטע שפּראַך אין דער וועלט, ווי עס זיינען אַמאָל געווען גריכיש און לאַטיין. עס זיינען אין איר איבערגעזעצט געוואָרן די פערל פון די אַלטע ליטעראַטורן פון אינדיע און פערסיע, פון די יידן און אַראַמייער, אויסער פון די גריכן און רוימער.

די גרעסטע צאָל יידן אין יענע יאָרהונדערטער האָבן זיך געפונען אין אָט די מזרח-לענדער און אויך אין יענע מערב־געגנטן, וואו די אַראַבער האָבן דערגרייכט. זייער געבילדעטע שפּראַך איז אויסער העברעיש געווען אַראַביש — די לעצטע מער פאַרשפּרייט אויך צווישן דעם נישט־געבילדעטן יידישן עולם, וואָס האָט זיך שפּראַכלעך אַראַביזירט אין גאַנץ פאָדער־אַזיע און לענגאויס דעם צפון־אַפריקאַנישן ים־ברעג. נישט קיין וואונדער, וואָס די יידישע שרייבער און פאָרשער פון יענער צייט האָבן גלייכצייטיק מיט העברעיש אויך געשריבן אין אַ געשליפענער אַראַבישער שפּראַך.

די אויפלעבונג פון דער העברעישער שפּראַך אין יענער צייט, אין שפּאַניע האָט נישט בלויז געהאַט צו טאָן מיט דער קראָים־שפּאַלטונג, ווי עס מיינען ס׳רוב יידישע געשיכטע־שרייבער. זי האָט אויך געהאַט דער עיקר צו טאָן מיט דער אויפלעבונג פונעם אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל, אין וועלכן יידן האָבן, לויט זייער, פּראָפּאָרציע, געשפּילט די גרעסטע ראָלע, און אין געוויסע פּרטים, ספּעציעל בנוגע די קריסטלעכע לענדער, האָט זיי די העברעישע שפּראַך מער צוזאַמענגעבונדן, טאַקע סוחריש, ווי וועלכע עס איז אַנדער שפּראַך. די נייע געזאַנגען אין העברעיש האָבן אויך מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אָפּשפּיגלונג פון דער בליענדיקער פּאָעזיע אין אַראַביש.

דער רמב״ם גופא איז אויך געווען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון האַנדל. זיין פאָטער האָט קאָנטיק, דורך די וואַנדער־יאָרן אין שפּאַניע, געצויגן זיין חיונה פון האַנדל, פונקט ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין מאַראָקאָ. דער רמב״ם אַליין האָט אין עגיפּטן, צוזאַמען מיט זיין ברודער, געפירט מסחרים מיט ווייטע לענדער, ער אַליין איז אַ דערשיינונג פונעם פאָדערשטן טייל פונעם סוחרים־קלאַס פון יענער עפּאָכע.

אָבער, דוכט זיך, אַז מיר וועלן נישט מאַכן קיין טעות, ווען מיר וועלן זאָגן, אַז דער דאָזיקער פענאָמענאַלער גאון האָט אויך געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין גרויסע קענטעניש פון דער אַלטער יידישער קולטור, ווי פון די אַלגעמיינע וויסנשאַפטן און פילאָזאָפישע סיסטעמען, דעם אומגליק, וואָס עס האָט געטראָפן די יידן פון דרום־שפּאַניע אינעם יאָר 1148. ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס קאָן אויסזען אויפן ערשטן בליק, זיינען אַזעלכע פאַלן נישט זעלטן אין דער געשיכטע. „פונעם שטאַרקן איז אַרויס אַ זיסקייט", אין דער שמשון־דלילה רעטעניש.

משה בן מיימון איז אַלט געווען דרייצן יאָר, ווען די מאַכמעדאַנישע פאַנאַטישע סעקטע, די אַלמאָהאַדן, האָבן פאַרכאַפּט זיין געבוירן־שטאָט קאָרדאָוואַ, און די איינוואוינער, יידן און קריסטן, איז געגעבן געוואָרן דריי ברירות — אָנצונעמען מאַכמעדאַניזם און בלייבן אין קאָרדאָוואַ ווי פריער; פאַרלאָזן זי און גיין וואו די אויגן טראָגן אין אַנדערע לענדער; אָדער בלייבן און ווערן פאַרטיליקט. ר' מיימון איז געווען בראש פון דער קהילה, וואָס האָט מיט זיין פאַמיליע באַשלאָסן צו גיין און גיין ביז זיי וועלן געפינען אַ פּלאַץ, וואו זיי קאָנען זיין פריי אָנצוהאַלטן די יידישע אמונה. בלויז ווייניק יידן פון דער קאָרדאָווער קהילה האָבן לפנים־ועגן אָנגענומען מאַכמעדאַניזם און געבליבן אויף זייערע פּלעצער. עס פאַרשטייט זיך, אַז די פינצטערע, פאַנאַטישע סעקטעס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די אַלטע פעאָדאַלע אינטערעסן.

.3

פאַר דער מיימון־פאַמיליע האָבן זיך אָנגעהויבן סדרות פון „ויסעו־ויחנו", פון טראָגן זיך פון איין שטאָט צו דער צווייטער. אַ געוויסע צייט האָבן זיי זיך באַזעצט אין פּאָרט אַלמעריא, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אין קריסטלעכע הענט. אָבער אינעם יאָר 1151 איז די שטאָט אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון די אַלמאָהאַדן. ווידער זיינען געגעבן געוואָרן די באַרימטע דריי ברירות, און ווידער איז עס געווען „מיט די שטעקנס איז די הענט" — אין ווייטערדיקן גלות!

יאָרן האָבן זיי אַזוי געוואַנדערט פון פּלאַץ צו פּלאַץ. זייער באַגאַזש איז זיכער געווען נישט קיין שווערער. די סחורה, מיט וועלכער זיי האָבן געהאַנדלט — איז געווען אַ גרינגע — בריליאַנטן. אָבער נאָך זיכערער איז, אַז פאָטער און זון האָבן זיך נישט געשיידט פון זייערע אָפּגעקליבענע ווערטערע פון בריליאַנטן זעלטענע עקזעמפּליאַרן, פון

דער תּלמודישער ליטעראַטור, אַזוי גוט ווי פון דער וויסנשאַפטלעכער. ר' מיימון גופא איז געווען אַ תּלמיד פונעם יידישן געלערנטן איבן מיגוש, אַ תּלמיד און שפּעטער דער שטעל־פאַרטרעטער פונעם באַרימטן תּלמוד־קענער און פּוסק „אלפסי". דער תּלמוד איז אָן אַ צאָל מאָל איבערגעלערנט געוואָרן אויף די וואַנדער־וועגן פון אינעווייניק און אויסווייניק. אויף אַזאַ אופן זיינען תּורה און סחורה געווען זייער באַגאַזש.

און נישט בלויז דער תּלמוד, און די ליטעראַטור, וואָס איז מיט אים בין דאַמאָלסט געווען פאַרבונדן. מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע זיינען געווען געגנשטאַנדן, וועגן וועלכע ר' מיימון האָט געשריבן און געווען מיט זיי „אין דער היים". טאַטע און זון זיינען ביסלעכווייז אויסגעגליכט געוואָרן אין זייער וויסן. אָבער דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט. דער זון האָט איבערגענומען דעם טאַטן, דעריאָגט אים און איבערגעיאָגט אים אין אַלץ. דער גאון האָט זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס אין פילאָזאָפיע און אין מעדיצין. אויף אויסנווייניק האָט ער זיך איינגעחזרט, ווען ער איז געפאָרן, רייטנדיק אויפן אייזל, אַלץ וואָס ער האָט פריער געלערנט, און אין משך פון זייערע אָפּשטעלונגען אין פאַרשיידענע שטעט, האָט דער יונגער משה נישט איין מאָל געפירט שמועסן מיט גרויסע אַראַבישע געלערנטע, מיט אַסטראָנאָמען און מאַטעמאַטיקער, מיט אַריסטאָטעליאַנער און פּלאַטאָניסטן. ער האָט דאָס אַלץ דורכגעלאָזן דורך דער פּריזמע פון זיין לויטערן שכל.

וויפל מאָל טרעפט, אַז ביי אַזאַ סאָרט לערנען :מכל הבא ביד", באַקומט זיך ביי איינעם אין מוח אַ מיש־מאַש, אַ דעזאָרגאַניזאַציע אין דענקען און דעריבער אַן אוממעגלעכקייט צו געדענקען. אָבער דער יונגער גאון האָט איבערגענומען פון אַריסטאָטעלן נישט בלויז אַ גרויסן טייל פון זיין פילאָזאָפישער סיסטעם, נאָר אויך זיין גרויסע קאַפּאַציטעט צו אָרגאַניזירן זיין אָנגעקליבענעם באַרג וויסן, צו קלאַסיפיצירן אים לויט די געגעבענע געגנשטאַנדן, צו דיסציפּלינירן זיין מוח, ווי אַ קאַפּיטאַן דיסציפּלינירן זיין שיף, פירנדיק זיך צו איין ציל — נישט אַהין און אַהער.

משה איז געוואָרן בטבע אַ שונא פון אומאָרגאַניזירטקייט און צעוואָרפנקייט. שוין אין עלטער פון 23 יאָר האָט ער אָנגעשריבן אַ מאַנוסקריפּט וועגן די אייגנטימלעכקייט פונעם יידישן קאַלענדאַר, באַזירט אויף די פּרינציפּן פון דער אַסטראָנאָמישער וויסנשאַפט, ווי

זי איז געווען אין יענער צייט. אָבער דאָס איז ביי אים געווען אַ ביי־זאַך, אַרויסצוהעלפן אַ פריינד, זיין ציל, וואָס ער האָט זיך געשטעלט אין לעבן, איז געווען אויסצורייניקן די יידישע אור־קוואַלן פון רעליגיע פון דעם שימל און שטויב, וואָס האָט דאָרטן זיך אָנגעקליבן. ער האָט געגלויבט, אַז ביי דער אָפּריייניקונג וועלן די דאָזיקע קוואַלן שלאָגן מיט מער קראַפט און ער וועט דורך זיי אויפהייבן נישט בלויז דעם קולטור־ניוואָ פון זיין פאָלק, נאָר אויך צוציען צו דער געלייטערטער רעליגיע די בעסטע דענקנדיקע כוחות פון דער מאַכמעדאַנישער און פון דער קריסטלעכער וועלט. ער איז געווען אַזוי זיכער אין דעם אמת פון דעם יידישן וועלט־אָנשוי, ווי ער האָט אים געזען, אַז ער האָט אים באַטראַכט, ווי דאָס בעסטע מיטל צו באַקערן זיי אויך צום אמת און ממילא וועט עס פירן „לתקן עולם במלכות שדי" — צו רעפאָרמירן די וועלט פון אירע צעטיילונגען און צעשפליטערונגען און זי זאָל ווערן איין פאַראייניקטע מענטשן־וועלט.

מען טאָר נישט אויסלאָזן פון אויג דעם היסטאָרישן מאָמענט, וואָס די דעמאָלטדיקע ציוויליזאַציע האָט דורכגעמאַכט. נאָך נישט האָבנדיק אין גאַנצן צו זיך געקומען פון דער דריי־הונדערט יאָריקער פאַרוויסטעניש און פאַרלענדונג, וואָס די פעלקער־איבערוואַנדערונגען האָבן פאַראורזאַכט, און פונעם חושך, וואָס עס האָט דערצו אָנגעטראָגן אויף דער וועלט די קאַטוילישע קירכע פון איין זייט און די פאַנאַטישע מאַכמעדאַנישע סעקטעס פון דער אַנדער זייט, זיינען דערצו נאָך צוגעקומען די קרייץ־צוגן. דער דאָזיקער פאַרמעסט צווישן צלם און דער האַלבער לבנה, האָט אין הינטערגרונט געהאַט דעם אמתן ציל צו פאַרכאַפּן פון די מאַכמעדאַנישע פעלקער דעם האַנדל־מאַרק פון די לענדער ביים מיטללענדישן ים און די וועגן, וואָס פירן צו די האַנדלס־מערק אין אינדיע און אין כינע.

דער יונגערמאַן פון קאָרדאָוואָ האָט געהאַט אַלע גרונטן מורא צו האָבן, אַז אין די דאָזיקע בלוטיקע פאַרמעסטן צווישן „פעטער ישמעאל" און „ברודער ישוע", וועט דאָס יידישע פאָלק טיילוויז פאַרטיליקט ווערן פיזיש, טיילוויז פאַרביליקט ווערן גייסטיק און נאָך מער זינקען אין פאַנאַטיזם און אומזיניקע, אומגעלומפּערטע פאָרשטעלונגען פון גאָט און וועלט, וואָס וועט קאָרופּטירן און

פאַרמיסטיקן דעם שיינעם טעמפּל פון גלויבן און געדאַנק, וואָס ער האָט אויפגעבויט אין זיין מוח.

האָט ער אין אַ ניי־דערקלערטער בעסער־אָרגאַניזירטער, און קלאָרער דעפינירטער משנה — די לערע פון די יידישע תנאים — געזען זיין „ערשטע סטאַנציע" אין איבערמאָלן תורת משה מיט נייע, ריינע מוראַלן, און אַלע זאָלן בעסער זען איר פּראַכט, איר שיינקייט און ערלעכקייט. ער האָט דעריבער מיטן גאַנצן פלייס פון אַ יוגנטלעכן אַקטיוון דענקער און מיטן ברען פון אַ זעער, וואָס זעט פון וייטן זיין ציל, געאַרבעט כסדר, אין אַלע וואַנדערונגען אויף דער דאָזיקער גראַנדיעזער אַרבעט.

## 4.

ענדלעך האָט די פאַמיליע סוף 1159 אויפגעהערט צו וואַנדערן. זיי האָבן זיך באַזעצט אין פעץ (פאַס, מאַראָקאָ, צפון־אַפריקע) און דאָרט האָט משה ווידער פאָרגעזעצט די דערמאָנטע אַרבעט אויף דער משנה. עס איז נאָך ביז איצט נישט אויפגעקלערט געוואָרן גענוי די סיבה, וואָס עס האָט געבראַכט די מיימון־פאַמיליע צו באַזעצן זיך אין אַ לאַנד, וואו די אַלמאָהאַדישע הערשער טאָלערירן נישט קיין אַנדערש־גלויביקע. דער מינימום, וואָס האָט זיך געפאָדערט פון אַ יידן, אַז ער זאָל קאָנען וואוינען אין מאַראָקאָ, איז דעמאָלט געווען, אַז ער זאָל דערקלערן, אַז מחמד איז געווען אַן אמתער נביא. מעגלעך, אַז די מסחרים אין שפאַניע האָבן זיך אויסגעלאָזט און זייערע געלט־פאָנדן זיינען שוין געווען באַלד אויסגעשעפּטע, און דער איינציקער קוואַל פאַר עקזיסטענץ איז געבליבן אַ מער סטאַבילער האַנדל אין אַ גרויסער שטאָט מיט אַ היפשער יידישער באַפעלקערונג. כאָטש זיי האָבן לפנים וועגן געמוזט אָננעמען, אַז מחמד איז גאָטס נביא, האָט מען זיי אָבער נישט שטאַרק נאָכגעקוקט, צי זיי היטן אָפּ זייערע יידישע טראַדיציעס, צי נישט. זיי האָבן, אין דעם פאַל, זיכער זיך געגעניטיקט אין אַ פירער, וואָס זאָל זיי העלפן איבערקומען די שווערע גזירות, שטאַרקן זייער גייסט און אינערלעכן גלויבן.

די מיימון־פאַמיליע, וואָס האָט אויך איינגעשלאָסן משהס ייִנגערן ברודער דוד און אַ שוועסטער, איז אויך געצוואונגען געווען צוצוגעבן, אַז מחמד איז געווען אַ נביא און אַז זיין תורה איז די אמתע. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זיך דער אַלטער ר' מיימון, אָריענטירנדיק

זיך אין דער לאַגע פון די דאָרטיקע יידן, אַז פיל פון זיי האָבן זיך שוין צוגעוואוינט צום מחמדאַניזם און זיך געהאַלטן אינגאַנצן אין אָפּרייסן פון יידנטום, געוועגדט מיט אַ שטאַרקער אַפּעלאַציע און התעוררות צו אַלע יידן פון מאַראָקאָ, זיי זאָלן נישט פאַרצווייפלען און נישט אונטערגעבן זיך אינגאַנצן צו די פאַרפאָלגונגען. אין דער צייט וואָס מ׳קאָן נישט פאַראָדירן אַלס יידן אָפענערהייט, דאַרף אָבער יעדער ייד געדענקען, אַז ער איז נאָך אַלץ אַ ייד, און ווען עס איז נאָר פאַראַן די מינדסטע מעגלעכקייט, אָן איבעריקער געפאַר, צו פּראַקטיצירן אַ ידישע טראַדיציע, זאָל מען עס טאָן. אויב עמיצער האָט נישט קיין מעגלעכקייטן צו דינען גאָט מיט די נויטיקע תפילות, זאָל ער אַמווייניקסטנס דריי מאָל אין טאָג זאָגן אין העברעיש אַ קורצע תפילה, און זאָל מיט אַלע כוחות זען נישט אָפּגעריסן צו ווערן פון יידישן כלל.

די דאָזיקע ווענדונג, אויסגעדריקט מיט ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש פאַר די ליידן פון די יידן, וואָס מוזן כסדר טראָגן אַ מאַסקע, האָט אָפּגעקלונגען נישט בלויז אין מאַראָקאָ און נישט בלויז אין יענער צייט. זי איז געבליבן אַ ריכט־שנור דורך די יאָרהונדערטער פאַר הונדערטער טויזנטער יידן אין די צייטן פון פאַרשטאַרקטער רעאַקציע און פאַנאַטיזם, פון היסטעריע אויסברוכן און פאַר קינסטלעך־אָנגעהויכטע פּראָוואָקאַציעס און גזירות...

ר׳ מיימונס ווענדונג און באַמיאונגען אין דער ריכטונג, וואָס האָט אים שיער נישט געקאָסט זיין לעבן, האָט נישט לאַנג שפּעטער נאָכגעפאָלגט אַ צווייטע ווענדונג — פון זיין ערשטן זון, פון משהן. זי איז געווען אפשר נאָך וויכטיקער פאַר דער יידישערווירקלעכקייט פון יענער צייט ווי די פריערדיקע ווענדונג פון זיין פאָטער. די דאָזיקע ווענדונג האָט משה מיימוני געפונען פאַר נויטיק צו מאַכן צוליב אַן אַרויסטריט פון אַן עקסטרעמען יידישן פאַנאַטיקער.

אין יענעם אַרויסטריט האָט דער אומבאַקאַנטער גאָטס־סטראַפּטשע פאַרדאַמט אַלע יידן, וואָס האָבן, לפנים וועגן, געמוזט אָננעמען מחמדס תורה. ער האָט זיי אַלעמען אָנגערופן פאַרברעכער קעגן תורת משה און אָנגעוויזן, אַז לויטן יידישן טראַדיציאָנאַלן געזעץ דאַרף מען בעסער אומקומען איידער עפּנטלעך צו אָנערקענען דעם אמת פון אַ פאַלשער רעליגיע. ער האָט מיט פאַרשיידענע תלמודישע באַווייזן דערקלערט, אַז די מחמד־תורה איז אַ געצנדינערישער ווייל אין

נועקא פאַרהייליקן זיי די קאַאַבא, אַ שוואַרצן שטיין... אַז יעדער ייד, וואָס נעמט אָן דעם פּנים און די פּירונגען פון די מחמדאנער איז אַ פאַררעטער און איז „חייב מיתה" — פאַרדינט טויט־שטראָף לויטן יידישן געזעץ.

דער דאָזיקער אַרויסטריט האָט געבראַכט צו די יידן אין צפון-אַפריקע אַן אומרו און שרעק. זיי וואָס האָבן זיך געשטיקט און געוואָרגן מיט דער מאַסקע, וואָס זיי זיינען געצוואונגען צו טראָגן, האָבן נאָך איצט געדאַרפט אַראָפּשלינגען אַזאַ איבערפאַל אויף זיי, אַז זיי זיינען אויסוואורפן און פאַררעטער, אַז זיי וועלן שוין פאַרלירן זייערע „ביידע וועלטן". דאָס האָט דעם יונגן משהן אַ וועק געטאָן, אַז עס איז געקומען די צייט, ער זאָל זאָגן זיין וואָרט און זען, אַז דער גאָטס־סטראַפּטשע זאָל ווערן אויפגעדעקט ווי אַ צעקריפּלער פון דער אמתער יידישער רעליגיע און ממילא איז ער, וואָס איז ווערט פאַרדאַמט צו ווערן, אָנשטאָט די אומגליקלעכע געצוואונגענע יידן־מהמדאַנער.

דאָס איז געווען משהס ערשטער אַרויסטריט אין זיין פולער באַוואָפענונג פון פאַרשטאַנד און וויסן. ער האָט דעם פאַנאַטיקער געשלאָגן אויף יעדן פונקט. ער האָט דאָך געמאַכט אַן אָנגריף נישט בלויז אויף סתם יידן־רענעגאַטן, נאָר אויף אַלע יידן אין צפון־אַפריקע, וואָס זיינען אַריינגעצוואונגען געוואָרן אין דער דאָזיקער לאַגע — איינגעשלאָסן אים, משהן אויך, און זיין פאָטער און זיין גאַנצער פאַמיליע.

זיין ענטפער איז געווען געבויט אויף לאָגיק און אויף באַווייזן פון דער יידישער תורה און תלמוד, אויף פּרעצעדענטן אין שמד-צייטן. אונטערציענדיק אַ שייד־ליניע צווישן פאַרבאָטן און פאַרבאָטן, אַז נישט אַלע זיינען פון דעם זעלבן באַטייט, האָט ער אויך געוויזן דעם גרויסן אונטערשייד צווישן געצנדינעריי און מחמדאניזם, וואָס איז אַ מאָנאָטעאיסטישע אמונה, אַז אַלץ וואָס ווערט געפאָדערט פון די יידן איז צו אָנערקענען מחמדס פּלאַץ צווישן די נביאים. און אַז די דריי הויפּטפאַרברעכנס אין גלויבן — געצנדינעריי, געשלעכט־פאַרשוועכונג און מאָרד, פאַר וועלכע אַ ייד ווערט אויפגעפאָדערט, ער זאָל זיך בעסער לאָזן טויטן איידער באַגיין זיי, מיינט עס אויך נישט, אַז יעדערער מוז האָבן דעם מאָראַלישן כוח אַוועקצוגעבן דאָס לעבן. נישט יעדער מענטש קאָן זיין אַ מאַרטירער און נישט יעדערער מוז

זיין אַ מאַרטירער. און עס איז אַ פאַרברעכן צו פאַרדאַמען עמיצן, דערפאַר, וואָס ער איז געווען צו־שוואַך צו זיין אַ מאַרטירער. אין דער זעלבער צייט האָט ער עקזאַלטירט די מוטיקע און דערהויבענע, וואָס שטאַרבן פאַר זייער גלויבן אָדער איבערצייגונגען. צו אַזעלכע דאַרף מען אַרויפקוקן, באַוואונדערן און פאַרהייליקן. אָבער אויף די וואָס פאַרמאָגן נישט אַזאַ קוראַזש טאָר מען נישט אַראָפּקוקן. דעם פאַרברעך וואָס זיי באַגייען טוען זיי דאָך נישט ווייל זיי זיינען טאַקע פאַרברעכער, נאָר ווייל מען צווינגט זיי. זיי זיינען דעריבער שולדיק פאַר נישט מקיים זיין אַן עשה (עסע), פאַר נישט פאַרהייליקן דעם נאָמען פון גאָט. ווען עמיצער זאָל אונדז פרעגן צי מוז ער אָפּגעבן זיין לעבן אין אַזאַ פאַל, וועלן מיר דאַרפן געוויסנהאַפט ענטפערן — „ניין, דו ביזט נישט מחויב לויט די פאַרשריפטן פון דער יידישער לערע" וואָס מיר דאַרפן אים אָבער ראַטן, איז, אַז ער זאָל וואָס שנעלער פאַרלאָזן אַזאַ לאַנד און זיך באַזעצן אין אַזאַ לאַנד, וואו מ'קאָן זיין פריי צו גלויבן אין וואָס איינער וויל.

.5

שוין אין דעם דאָזיקן אופן פון אָפּשאַצן העכער ווי אַלץ דאָס מענטשלעכע לעבן, האָט זיך דער נאָך־נישט אָנערקענטער יונגער אויטאָריטעט אויפגעהויבן העכער, ווי אַלע יידישע פילאָזאָפירנדיקע רעליגיעזע לערער פאַר אים. פון דער דאָזיקער שטעלונג שיילט זיך שוין קלאָר אַרויס דער בליק, אַז דער מענטש איז נישט געשאַפן געוואָרן פאַר דער תורה, אָדער צו דינען גאָט, נאָר פאַרקערט — די תורה איז געשאַפן געוואָרן פאַר אים, פאַר זיין וואוילזיין, פאַר זיין לעבן. דאָס זעלבע האָט ער באַגריפן דאָס „דינען גאָט", נישט צו באַפרידיקן אַ קאַפריז פון פריץ, נאָר צו באַפרידיקן די העכערע שטרעבונג פונעם מענטשן צו פולקאָמענהייט און אַוודאי קאָן נישט זיין אין די אויגן פון אַ טעאיסט, אַ גלויביקן אין גאָט, קיין העכערע מדרגה, ווי גאָט גופא.

דאָס איז אַ מער געלייטערט גלויבן, אָבער אַלץ אַ גלויבן. מיר וועלן זיך שפּעטער באַקענען מער מיטן רמב"מס רעליגיעזע פילאָזאָפיע. דאָ דאַרף דערווייל בלויז אָנגעוויזן ווערן, אַז דער רמב"ם איז נאָך נישט געווען קיין גרינטלעכער איקאָנאָקלאַסט, וואָס צעברעכט אַלע געשטקעס, און שאַפט אָפּ אַלע איבערנאַטירלעכע פאָרשטעלונגען

וועגן געטלעכקייט. דער רמב"ם ראַט די געצוואונגענע ייִדן צו פאַרלאָזן אַזאַ לאַנד. אין זיין צייט האָט אים נאָך אפילו געדאַנק נישט געקאָנט קומען, אַז פאַרקערט — מען דאַרף בלייבן אין אַזאַ לאַנד און קעמפן. אין די לענדער, וואו דער רמב"ם האָט געוואַנדערט און וואו ער האָט געוואוינט איז נאָך דער פעאָדאַליזם אין אַ היפּשער מאָס אין קראַפט אפילו היינטיקן טאָג — סיי אין מאַראָקאָ און סיי אין עגיפּטן. ערשטן אין די לעצטע צייטן קען מען דאָרט ריידן וועגן אַ קאַמף, אין איצטיקן זין.

דעם רמב"מס אָפּרוף אויף דעם פאַנאַטישן גאָטס־קאָזאַק, האָט דערגרייכט צוויי צילן. ער האָט באַרואיקט די אויפגערודערטע געמיטער, אַז זיי וועלן נישט פאַרדאַמט ווערן פאַר זייער אָננעמען אויף אַ ווײַלע מחמדן און אַז זיי וועלן דערפאַר נישט אָפּגעשניטן ווערן פון כלל ישראל. צווייטנס, האָט ער זיך מיט זיינע שטאַרקע אַרגומענטן און מיט די פיל־קוואַליקייט פון זיינע ציטאַטן פון תלמוד, מדרש און אַנדערע רעליגיעזע קולטור־גיטער, אַרויסגעהויבן ווי אַ פירנדיקע קראַפט אינעם גייסטיקן יידנטום, און בעיקר — איז דאָס אויך געווען אַ זאַכלעכע, און נויטיקע פאַר אים, אַפּאָלאָגיע פאַר אַליין וואוינען אין פאַס און אָנערקענען לפנים מחמדן אַלס נביא.

אגב איז אין דערמאָנטן ענטפער אויך געווען אַ וואָרט וועגן דער „דערוואַרטונג אויף משיחן". מען דאַרף, נאָך זיין מיינונג, גלויבן אין אויסלייזונג, אָבער נישט פאַרלאָזן זיך אויף אים, און ווערן דערוויל אָפּהענטיק. די וואָס קאָנען גלייך פאַרלאָזן די אומטאָלעראַנטע לענדער, דאַרפן זיך גרייטן עס דורכצופירן און נישט „וואַרטן אויף משיחן". איינס מיטן אַנדערן האָט גאָר נישט צו טאָן. אָבער פאַר אַזאַ אַגיטאַציע האָט ער געקאָנט טייער באַצאָלן.

ווען נישט די אַריינמישונג באַצייטנס פונעם אַראַבישן דיכטער און טעאָלאָג אבדול־אַראַב איבן מוישאַ וואָלט דער דאָזיקער אַרויסטריט געווען זיין דער ערשטער און לעצטער. פאַר אַזאַ אַגיטאַציע האָט אים געדראָט טויט־שטראָף. אָבער דער באַשלוס צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד איז ביי דער מיימון־פאַמיליע געווען אָן ענדגילטיקע.

נאָך אַ באַזעסענעם לעבן פון זעקס יאָר איז די פאַמיליע אין דער נאַכט פונעם 18־טן אַפּריל, 1165, אָפּגעפאָרן מיט אַ שיף און אויפן זעקסטן טאָג אינעם מיטללענדישן ים, האָט זיך צעשפּילט אַ שרעקלעכער שטורעם, וואָס האָט די שיף געשליידערט ווי אַ שפּענדל,

און עס האָט זיך אָלעמען געדאַכט, אַז זיי ווערן פאַרשלונגען פון די לייבן־כוואַליעס. אָבער דער רמב"ם איז זיכער נישט געווען דער אַממערסטן דערשראָקענער אויף דער שיף. דער שטורעם האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט און פונקט צו די פיר וואָכן, דעם 16־טן מאַי, איז די שיף אָנגעקומען אינעם האָפן פון עכו (אַקאָ) אין ארץ-ישראל. ביי דער מיימון־פאַמיליע איז דער טאָג איינגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ פערזענלעכן יום־טוב צוליב דער טאָפלטער פרייד — פון אַנטרינען פונעם שמד־לאַנד און פון דעם אוסיערגעווייגלעכן ים־שטורעם. אָבער ביי דער יידישער קהילה פון עכו איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ ניי לעבן. זיי האָבן די דערהויבענע געסט געהאַלטן ביי זיך זעקס, חדשים און געגאָסן פון זייערע סטימולירנדיקע דרשות און עצות.

.6

נאָכדעם ווי די מיימון־פאַמיליע האָט באַזוכט ירושלים און חברון און געפונען דאָרט מער יידישע „הייליקע קברים", ווי הייליק לעבן, זיינען זיי אינמיטן אָקטאָבער אָפּגעפאָרן קיין עגיפּטן. זיי האָבן אויסגעקליבן ווידער צו באַזעצן זיך אין אַ מחמדאַניש לאַנד, ווייל גראָד דאָרט האָט זיך געהאַלטן אין אויספאָרמירן דער הויפּט־צענטער פון די מחמדנישע פעלקער.

זיי האָבן זיך אין אָנהייב נישט שלעכט איינגעאָרדנט. זיי האָבן איינגעשטעלט אַן אימפּאָרט־עקספּאָרט האַנדל מיט די לענדער אַרום דעם אינדישן אָקעאַן. זייער הויפּט־אַרטיקל איז געווען פּערל און דימענטן. דער הויפּט־געשעפט־פירער איז געווען דער ייִנגסטער מיימוני — דוד. משה אַליין האָט אַלץ געאַרבעט אויף זיין ווערק וועגן דער משנה (לערע פון די תנאים). אָבער נאָך אַ קורצער צייט פון זייער איינשטעלן די נייע היים, איז דער פאָטער פון דער פאַמיליע, ר' מיימון, געשטאָרבן. דאָס איז געווען אַ צווייענדיקער קלאַפּ פאַר משהן — דער פאַרלוסט פון אַזאַ גרויסן פאָטער, און די נויטווענדיקייט פאַר אים אָפּצורייסן זיך מער פון זיין קאָלאָסאַלער אַרבעט און אָפּגעבן אַ טייל פון זיין צייט פאַר די געשעפט־ענינים.

אין אָנהייב האָט עס אויסגעקוקט, אַז די געשעפטן גייען גלענצנדיק. זייער קרעדיט איז געווען גוט. יידן האָבן דערקענט אין די מיימונס ערלעכע מענטשן, וואָס מ'קאָן פאַרטרויען. מען האָט ביי זיי באַהאַלטן געלט און די פאַמיליע האָט מיטן געלט געטאָן נאָך גרעסערע געשעפטן.

משה האָט געהאָפט, אַז אין אַ קורצער צייט וועלן זיי אָנקלייבן גענוג פאַנדן, ער זאָל קאָנען כסדר זיצן און דאגות אויף זיינע אַרבעטן. אָבער די דאָזיקע האָפענונגען זיינען שנעל צערונען געוואָרן. זינט דעם פאָטערס טויט האָט משה אַליין זיך אָנגעהויבן צו פילן שוואַך. אין משך פון עטלעכע מאָנאַטן האָט ער געקריגן איין קלאַפּ נאָכן אַנדערן. עס זיינען אָנגעקומען ידיעות וועגן גרויסע געשעפטס־פאַרלוסטן. משה האָט זיך דאָס אויך גענומען שטאַרק צום האַרצן, באַזונדערס, וואָס ער איז נאָך אַלץ נישט פאַרטיק מיט זיין משנה־פירוש. צו מאַכן די צרות איבערצושוימען האָבן נאָך מוסרים אים פאַרמסרט, אין פאַרבינדונג מיטן זיין ענטפער וועגן די „געשמדטע" יידן־מחמדאנער. אַ טויט־געפאַר איז ווידער געהאַנגען איבער זייז קאָפּ. וואָס נאָך האָט דען געפעלט, אַז דער דאָזיקער גאון מיטן אַריסטאָטלעשן מוח זאָל פאַרלירן דעם זינען!

איז טאַקע דערנאָך גקומען דער שווערסטער קלאַפּ. זיין ברודער דוד, דער הויפּט־נערוו פונעם געשעפט, דער איינקויפער און פאַרקויפער, וואָס האָט געפירט מיט זיך דעם גאַנצן סקלאַר פון די טייערע שטיינער און מעטאַלן, איז דערטרונקען געוואָרן אין אינדישן אָקעאַן צוזאַמען מיט דער שיף. דאָס אָנגעזאַמלטע שווייס און בלוט פון אַזוי פיל מענטשן, וואָס האָבן זיי אָנגעטרויט זייערע אָפּשפּאָרונגען, צוזאַמען מיטן פאַרמעגן, וואָס זיי האָבן געמאַכט אין פּאַס, און צוליב דעם געדאַרפט זעקס יאָר מאַסקירן זיך אַלס מחמדאנער, איז אַוועק מיט איין קראַך. און דערצו זיין געטרייער, לייבלעכער ברודער! די איבערגעבליבענע אלמנה און די טאָכטער פון זיין ברודער, וואָס ער דאַרף איצט מפרנס זיין.

אָבער דער דאָזיקער מיימון־זון, וואָס איז אַליין געוועזן אויפן שוועל פון מרה־שחורה, אָדער גאָר פון טויט, האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעכאַפּט ווי פון אַ לאַנגן הינער־פּלעט. די נייע פליכטן מפרנס צו זיין דעם ברודערס פאַמיליע האָבן אין אים אויפגעוועקט זיינע קאָלאָסאַלע רעסורסן פון חכמה און עצה, פון ענערגיע און מוט. אַ געדאַנק איז אים איינגעפאַלן צו מאַכן די מעדיצינישע וויסנשאַפט, וואָס ער האָט ליב געקריגן זינט ער האָט שטודירט די ווערק פון דעם גרויסן גאַלעניוס (גאַלען, געילען), פאַר זיין פּראָפעסיע, פון וועלכער ער זאָל ציען חיונה און אין דער זעלבער צייט צו קאָנען ווייטער אַרבעטן

אויף זיינע חידושים, וואָס ער וויל אַריינברענגען אין די רעליגיעזע טעקסטן.

כאָטש אין אָנהייב איז די מעדיצינישע פּראַקטיק נישט געווען אַזאַ „פּרנסה־געבעריך", ווייל קיינער האָט אים ביז דעמאָלט נישט געקענט אַלס דאָקטאָר פון מעדיצין, אָבער עס איז שוין גענוג געווען, אַז די „מעדיצין" זאָל אים אַרויסציען פון זיין קראַנקער פינאַנציעלער לאַגע. וואָס ווייטער איז ער געוואָרן אַלץ מער באַוואוסט ווי אַ אויסגעצייכנטער, געוויסנהאַפטער דאָקטאָר. דערווייל איז עגיפּטן גופא אויף אַ היפּשער צייט אויסגעהיילט געוואָרן פון מהומות און אַנאַרכיע און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון אַ נאָרמאַלער אַנטוויקלונג.

אויפן פּלאַץ פונעם פאַטימידישן קאַליף, וואָס איז באַזייטיקט געוואָרן אין סעפּטעמבער, 1171, איז איינגעשטעלט געוואָרן די הערשאַפט פון אַ רעגירער, וואָס איז געווען אַ מוסטער אין פיל הינזיכטן — אין אַ מער יושרדיקער באַציאונג צו די אָרעמע מאַסן, אין אַ פריינטלעכער באַציאונג צו נישט־מחמדאנער, יידן און קריסטן און אין אַ לײדנשאַפטלעכקייט צו וויסן, בילדונג, קונסט און פילאָזאָפיע. אין דער געשיכטע איז ער באַוואוסט ווי „דער גרויסער סאַלאַדין".

אין אָנהייב בלויז אַלס וויצע פעלד־מאַרשאַל אונטער דעם הערשער נורעדין, און דערנאָך פאַרנעמענדיק ביסלעכווייז זיין מאַכט און זיינע רעגירטע לענדער, איינגעשלאָסן פּאַלעסטינע, סיריע און עגיפּטן, איז סאַלאַדינען גופא אויסגעקומען ווייניק צייט צו זיין אין עגיפּטן. ער האָט כסדר געדאַרפט פירן פאַרטיידיקונגס־מלחמות קעגן די אָנהענגער פון דעם קאָרופּטירטן נורעדין און קעגן די קריסטלעכע אַרמייען פון די קרייצטרעגער. אָבער סאַלאַדין האָט געהאַט אויך די זעלטענע פייאיקייט אַרומצורינגלען זיך מיט ערלעכע, פייאיקע מלוכה־מענטשן. זיין וויזיר אין עגיפּטן, דער קלוגער און בראַווער אַלפאַדהעד האָט געפירט די רעגירונג מיט יושר און הומאַניטעט. די יידן, ווי אויך אַלע אַנדערע אַנדערש־גלויביקע זיינען באַהאַנדלט געוואָרן גלייך מיט די מחמדאנער. דאָס איז געווען פאַר די יידן בכלל אַ גאָלדענע צייט פון קענען אָנפירן געשעפטן ווייט און ברייט, און אין דער זעלבער צייט האָבן מיט זיך דעם גרעסטן דענקענדיקן יידן פון דער עפּאָכע — משה בן מיימון.

די פּאָפּולאַריטעט פונעם חכם און דאָקטאָר, וואָס איז שפּעטער באַרימט געוואָרן אַלס דער רמב"ם, אין געוואַקסן פּאַמעלעך, אָבער זיכער. אַ היפּשן שטויס האָט ער געקראָגן מיט זיין באַרימטן בריוו צו די תימנער יידן. די יידן פונעם ווייטכטן פונקט אין דרום־אַראַביע האָבן דורכגעמאַכט די זעלבע שמד־גזירות, וואָס עס האָבן דורכגעמאַכט אין שפּאַניע און אין מאַראָקאָ די דאָרטיקע יידן. אין תימן האָבן די פאַנאַטיש־פינצטערע שיאיטן אַרויפגעצוואונגען אויף די יידן זייער גלויבן, און די אַנטוויקלונגען זיינען דאָרט געווען אומגליקלעכע — פיל יידן זיינען טאַקע איבערגעגאַנגען אינגאַנצן צום מחמדאניזם פאַרלאָזנדיק זיך אויף אַ געוויסן משומד, וואָס האָט כלומרשט געפונען „באַווייזן" אין תנ"ך, אַז „גאָט פאַרבייט זיין פריערדיקע תורה אויפן „קאָראַן" און זיין נביא משה אויף מחמדן". פון דער צווייטער זייט האָבן זיך דאָרט מיטאַמאָל באַוויזן משיחים מיט אַלערליי פאַנטאַסטישע צוזאָגונגען און פאַלשע האָפענונגען. ביידע דערשיינונגען האָבן דאָרט געבראַכט די יידן צום שוועל פון פאַרצווייפלונג.

אָבער איינער פון זייערע געלערנסטע יידן, יעקב אַלפאַסי, האָט שוין לאַנג געהערט פונעם עגיפּטישן גרויסן יידישן דאָקטאָר און געלערנטן משה בן מיימון און זיך צו אים געווענדט נאָך אַן עצה און אַ דערמוטיקונג. דער רעזולטאַט איז געווען דער בריוו פונעם רמב"ם, וואָס איז דער „איגרת תימן". וועגן אים, און וועגן דעם רמב"מס ווערק וועלן נאָכפאָלגן באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען.

דער עכאָ פון דעם דאָזיקן בריוו איבער אַלע יידישע קיבוצים, די דערשיינונג סוף כל סוף פון דעם פּירוש אויף דער משנה, און די ווייטערדיקע קאָלאָסאַלע רמב"ם־ווערק סיי אויפן געביט פון דער יידישער געזעצגעבונג, סיי אויפן געביט פון דער יידישער קולטור־פילאָזאָפיע, וועלכע עס וועט אונדז אויסקומען צו אַנאַליזירן, ווי אויך זיינע ווערק איבער מעדיצין, האָבן אים אַרויסגעפירט אין דער געשיכטע פון די יידן אין מיטלאַלטער, אַלס די גרעסטע יידישע פערזענלעכקייט און די גרעסטע אויטאָריטעט פון דער יידישער יוריספּרודענץ און רעליגיעזע פּרינציפּן, און נישט בלויז פון דער יידישער.

כדי צו קאָנען מיט פולער אויטאָריטעט אָפּשאַצן די יידישע אויפפאַסונג פון גאָטהייט און מענטשלעכע פליכטן, האָט ער

דורכשטודירט אַלע רעליגיעס, איינגעשלאָסן אויך די געצנדינערישע, און דורכדעם געשאַפן ביי יידן אַ פּרעצעדענט פון פרייער פאָרשונג.

## ווען מ׳האָט געברענט דעם רמב״מס ווערק

.1

צו גרויס איז געווען דעם רמב״מס אויטאָריטעט, אַז מען זאָל געווען וואַגן עפנטלעך אַרויסצוטרעטן קעגן אים ביי זיין לעבן מיט דער באַשולדיקונג אין אַפּיקורסות. זיין גאונות איז געוואָרן עטאַבלירט שוין ביי דער דערשיינונג פון זיין ערשט גיגאַנטיש ווערק — „המאור". דאָס איז געווען אין יענער צייט פאַר די יידן, ווי אַן אמתע זון, וואָס באַלייכט די וועלט נאָך אַ פינצטערער נאַכט. דאָס ווערק האָט געוואָרפן אַ ליכט אויף אַלע טונקעלע שטעלן פון דער „משנה" — די לערע און די ביבל־אויסטייטשונגען פון די תנאים. דאָרט וואו די קאָנטראָווערזיעס זיינען געווען פאַרוויקלטע האָט ער זיי אויסגעגלייכט און אַנטוויקלט. דאָרט וואו זיי זיינען געבליבן הענגען אין דער לופטן אומאַנטשיידענע, האָט ער אויסגעטראָטן דעם וועג צו אַן אָפענער טיר, צו אַן אויסגאַנג.

ווער רעדט, אַז עס איז שוין אין זיינע מיטעלע יאָרן אַרויס זיין „משנה תורה" — אַן אַרבעט פון אַ מאָנומענטאַלן כאַראַקטער אין פערצן ספרים. דאָס איז געווען דער קאָדעקס, אויף וועלכן עס האָבן געוואַרט לאַנגע דורות יידן אין משך פון זעקס הונדערט יאָר, זינט עס איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער תלמוד. כדי מ׳זאָל קענען באַנוצן די תלמודישע געזעצן אין דער פּראַקטיק האָט ער געפּרואווט אין זיי אַריינטראָגן מעטאָדישע קלאָרקייט און קלאַסיפיצירן צעוואָרפענע געדאַנקען, מיינונגען, אַנטשיידונגען און סתם דעבאַטעס וועגן געזעצן, מאָראַל, לאָגיק. ער האָט אויסגעשיילט די נאַרהאַפטע קערנער פון זייערע האַרטע שאָלעכצן אַרויס. דאָס איז געווען ביי אונדזערע אוממעטאָדישע אַמאָליקע יידישע לערער און רבנים אַ זייער נויטיקער וועגווייזער און פירער. מען וואָלט מסתמא פאַרשטיינערט יענעם, וואָס וואָלט געפּרואווט לעסטערן דעמאָלט דעם דאָזיקן גרויסן נאָמען.

דאָס איז געווען אין 1180. עס איז נישט געווען קיין איינציקע יידישע קהילה, וואָס האָט דעמאָלט נישט אָנגענומען דעם רמב״מס גייסטיקע פירערשאַפט. ווער האָט זיך דען דעמאָלט מיט אים געקאָנט

פאַרגלייכן אין קענטשאַפט פון דער גאַנצער ביז־דעמאָלטדיקער יידישער רעליגיעזער ליטעראַטור!

אָבער געוויסע טענות און תביעות האָבן זיך אָנגעהויבן צו הערן וועגן אים ווען ער איז אַרויסגעקומען מיט זיין אַראַביש ווערק „איל סראַג" („מורה נבוכים" — אין העברעישער איבערזעצונג). דער עצם פאַקט, וואָס ער שטעלט זיך דאָרט אַזוי איין פאַר אַ שלום צווישן רעליגיע מיטן שכל און די הנחה, אַז דאָרט וואו מ'איז אין צווייפל זאָל מען בעסער נאָכפאָלגן דעם שכל, האָט צערייצט אייניקע פרומע קרייזן. אַזוינס האָבן זיי נאָך קיינמאָל נישט געהערט פון אַ יידישן פירער. סטייטש! ווען האָבן עס אונדזערע חכמים אַוועקגעשטעלט העכער דעם מענטשלעכן שכל, ווי דאָס וואָרט פון גאָט?!

דעם רמב"מס פרואוו צו דערקלערן „נבואה" על פי שכל און רעדוצירן זי אין מערסטע פאַלן צו אָפּדאַכטונגען און חלומות; זיין פרואוון זיך אויסטענהן מיט אַריסטאָטעלן און נאָכגיין אים אין מערסטע פאַלן; זיין פאַרלאָזן זיך אויף געצנדינערישע און מאַכמעדאַנישע געלערנטע, האָט אויסגעקוקט ביי פיל דאָגמאַטיקער, אַז דער דאָזיקער משה בן מיימון טרעט אַרויס קעגן דער תורה פון משהן.

און נישט בלויז צווישן געוויסע רבנים. אַ ריי מאַכמעדאַנישע גייסטלעכע האָבן אויך אויסגעדריקט אומצופרידנקייט, וואָס דעם רמב"מס ווערק, מערסטנס געשריבן אין אַראַביש, וועלן אַראָפּפירן פיל מאַכמעדאַנער פון זייער טראַדיציע, ווען זיי וועלן נעמען זוכן „שכל אין ענינים, וואָס קאָנען בלויז באַנומען ווערן דורך ריינעם גלויבן. פאַקטיש האָט אבדול לאַטיף, דער מאַכמעדאַנישער רעליגיעזער פירער און דאָקטאָר, וואָס האָט בכלל שטאַרק אַ לענגערע צייט געהאַלטן פונעם רמב"מס אַלזייטיקן וויסן, געענדערט זיין מיינונג וועגן אים, ווען ער האָט געלייענט זיין „מורה נבוכים". „אַנשטאָט דעם וואָס ער זאָל אַרויספירן די פאַרבלאָנדזשעטע אויפן גלייכן וועג (דאָס איז דער מיין פון „מורה נבוכים"), וועט ער די נישט־פאַרבלאָנזשעטע ערשט פאַרפירן אויף אַ פאַלשן וועג".

איינער פון די הויפט־מידות, וואָס דער רמב"ם אַליין האָט באַזעסן איז געווען, וואָס ער איז מערסטנס געווען טאָלעראַנט צו מיינונגען, וואָס זיינען געווען אין היפוך פון זיינע. ער האָט אפילו געהאַט אויף אַזוי פיל גערולד און טאָלעראַנץ, אַז ער האָט די רעליגיעזע ביכער פון די געצנדינער גוט דורכגעשטודירט. איז דאָס אַליין געווען אַ

גרויס פאַרברעך אין די אויגן סיי פון פיל פאַנאַטישע רבנים און סיי ביי פיל מאַכמעדאַנישע גייסטיקע פירער.

פון דער צווייטער זייט איז אין די לענדער, וואו עס זיינען אָנגעאַנגען גרויסע רעפאָרם־באַוועגונגען צווישן נישט־יידן, אויך געווען גאָר אַן אַנדער באַציאונג צווישן די יידישע רבנים. אַזוי, למשל, איז אין דרום־פראַנקרייך שטאַרק געווען די רעפאָרם־באַוועגונג פון די אַלביגענזער, וואָס האָבן באַנייט די פרימיטיווע קאָמוניסטישע טענדענצן פון די ערשטע קריסטן און באַקעמפט די קאַטוילישע קירכע. עס איז אַ סברה, אַז די אַלביגענזער זיינען דאָרט אַליין אַ היפש ביסל באַאיינפלוסט געוואָרן פון אַ ריי דאָרטיקע יידישע געלערנטע און דענקער, אַזעלכע פרייערע פאָרשער ווי די תיבונס, און די קמחים (קימכיס) האָבן אויפגענומען דעם רמב״מס „מורה נבוכים", ווי דאָס גרויסע יידישע ווערק פון זייער צייט. נישט קיין וואונדער, פאַרוואָס שמואל אבן תיבון האָט דאָס דאָזיקע ווערק איבערזעצט אין העברעיש מיט אַזאַ פינקטלעכקייט און ליבשאַפט.

נאָך מער, דער גרעסטער רעליגיעזער דענקער צווישן די דרום־פראַנצויזישע יידן אין יענער צייט, ר׳ יונתן פון לונעל, דער אָנגעזעענער בעל התוספות, האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז איינס פון די וויכטיקסטע ווערק ביי יידן נאָכן תלמוד.

אייניקע מער־דרייסטערע רבנים זיינען צוגעגאַנגען צום „מורה נבוכים" מיט דער זעלבער פיעטעט, מיט וועלכער זיי זיינען צוגאַנגענגען צו זיינע ריין-רעלייגעזע ווערק. אפילו מקובלים, וואָס דער רמב״ם גופא האָט מבטל געווען און געהאַלטן זיי פאַר מטושטשע און פאַרפירטע, האָבן געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר אים, אַז זיי זאָלן אים אַטאַקירן ביי זיין לעבן. איין מקובל האָט אפילו אין דעם „מורה נבוכים" געפונען גרויסע סתרי־תורה און קבליסטישע אָנווייזונגען...

אַזוי האָט אברהם אבולפיה אין זיין ווערק „סודות המורה" (די סָדות פונעם „מורה נבוכים"), אָדער ווי ער גיט אים דעם צווייטן נאָמען — „סתרי תורה", געפונען אין דעם רמב״מס פילאָזאָפישן ווערק, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַזאַ גערודער, אַן „אמתן גן־עדן"... ער איז געווען אפילו אַ בעלן (באַלן) אויסצוגעפינען, אַז די צאָל קאַפּיטלען אינעם „מורה נבוכים" איז הונדערט זיבן־און־זיבעציק (איין קאַפּיטל פון די 178 זאָל האָבן צוגעגעבן געוואָרן פונעם איבערזעצער) און דער גימטריא (ווערטער־באַטרעף אין צאָלן) פון „גן עדן" איז 177!

דאָס איז, הייסט עס, אַ כּוונה, אַז דאָרט זיינען פאַראַן באַהאַלטענע מיינונגען, וואָס מען דאַרף נאָך אויסגעפינען...

אַזאַ ווי אשר בן אברהם קרשקש (קרעסקעס) דערקלערט אין זיין פּירוש אויפן „מורה נבוכים", אַז נישט אַלץ איז אים מעגלעך געווען דאָרט צו פאַרשטיין, ווייל „עס איז נישטאָ קיין גרונט צו זיין טיפקייט", כאָטש דאָ און דאָרטן ווייזט ער אָן אויף טעותן, וואָס דער רמב"ם האָט געמאַכט. ער טוט עס מיט גרויס דרך־ארץ.

יוסף בן אַהאַ־מאַרי בן יוסף פון כספּי, האָט אָנגעשריבן דריי פּירושים אויפן „מורה נבוכים" — דער ערשטער פּירוש (געפינט זיך אין כתב־יד אין אַ מינכענער מוזיי) איז קענטיק שפּעטער איבערגעאַרבעט געוואָרן אויף צוויי פּירושים — „עמודי כסף" — אַ פּשוטער פּירוש און איינפאַכע דערקלערונג פון פאַרוויקלטע שטעלן, און דער צווייטער איז „משכיות כסף" — אַ פאַרטיפטער פּירוש מיט פיל מיסטישע אָנהויכונגען. אָבער אינעם צווייטן פּירוש, אין 48־טן קאַפּיטל, באַקלאָגט זיך דער קאָמענטאַטאָר אויפן אויטאָר פון „מורה נבוכים" פאַרוואָס ער האָט נישט איינגעשלאָסן אַזאַ דערהויבענעם ספר ווי איוב צווישן דעם העכסטן קלאַס פון אינספּירירטע ספרים, וואָס „אָן שום ספק אין משה רבנו אַליין געווען זיין מחבר".

יצחק בן שם טוב איבן שם טוב, אין זיין לענגערן פּירוש אויפן „מורה נבוכים" (מאַנוסקריפּט געפינט זיך אין בריטישן מוזיי) באַווייזט, אַז דער רמב"ם איז נישט אין ווידערשפּרוך מיט תורת משה. פאַרקערט — ער רימט אים פאַרוואָס ער איז אַ גלויביקער אין „קרעאַטיא עקס ניבילאַ" (אַז גאָט האָט באַשאַפן די וועלט), בעת דער „אבן עזרא" און דער רלב"ג (ר' לוי בן גרשון) גלויבן אין „פּרימאַ מאַטעריאַ", אַז מאַטעריע איז די אייביקע זאַך אויף דער וועלט, און האָט נישט געדאַרפט באַשאַפן ווערן (אין דעם דאָזיקן מאַנוסקריפּט, זעט אויס, פעלן עטלעכע קאַפּיטלען).

און אָט ווי עס זאָגט איינער פונעם רמב"מס מוטיקסטע תלמידים ר' שם טוב אבן פלקירא, וועגן דעם וואָס זיין רבי באַנוצט זיך מיט באַווייזן און איינשטעלונגען פון נישט־יידישע געלערנטע (אין אַ יידישער איבערזעצונג):

„...און ביי פיל עמי־הארצים, וואָס זיינען אויסגעליידיקטע און אָרעמע אין חכמה, וועט אויסקומען קרום, ווען דער מחבר ברענגט אַ ראיה פון נישט־יידישע געלערנטע, און זייערע געדאַנקען וועלן

ביי זיי אויסקוקן פוסטע און זיי זאָרגן, אַז זיי האָבן נישט די ווערט אָנגענומען צו ווערן... עס פאַרשטייען נישט די דאָזיקע אָפּגעריסענע נאַראָנים, אַז אַן אמת דאַרף אָנגענומען ווערן פון יעדן מענטשן, אפילו פון איינעם קלענער פון אים, אָדער פון אַן אַנדער פאָלק".

דער ערשטער, וואָס האָט כסדר געפּרואווט שטילערהייט אַרונטערצורייסן דעם רמב"ם און מבטל געווען יעדן ווערק, וואָס ער האָט געשריבן, איז געווען דער „גאון פון באַגדאַד", שמואל בן עלי, וואָס איז געווען מער ביוראָקראַט ווי גאון, און דערמאָנט אין אַ געוויסן זין דעם כוהן-גדול אַמט פון צווישן די צדוקים מיט אַ צוועלף הונדערט יאָר פאַר אים, אין דער צייט פונעם העלעניסטישן קעניג אלכסנדר ינאי, איז דערצו געווען אַ מין האַלבער סולטאַן. ער האָט געהערשט מיטן כוח פון באַגדאַדער קאַליף, אַן אַרומגערינגלטער און באַשיצטער אויף זיין טראַן דורך אַ גוואַרדיע פון שקלאַפן, באַוואָפנטע מיט „נאַגאַיקעס". ער האָט נישט געקאָנט צולאָז צום געדאַנק, אַז עמעצער פון יידישע פירער זאָלן זיך געפינען אויף אַ העכערער מדרגה פון אים אין תורה און אין חכמה. האָט ער כסדר געזוכט און געגנישטערט אין דעם רמב"מס ווערק ביז ער האָט „געפונען אפיקורסות". דער רמב"ם האָט געהאַט וויכטיקערע זאַכן וואָס צו טאָן איידער זיך אַריינלאָזן אין וויכוחים מיט איינעם, וואָס האָט פאַלשע פּרעטענזיעס און מעג ער האָבן אַ הויכן רעגירונגס־אַמט אין זיין לאַנד. ער האָט אים איין מאָל בלויז געשריבן, אַז דאָס, וואָס ער שרייבט איז אַ רעזולטאַט פון אַ לענגערן שטודיום.

גאָר אַן אַנדער מין קריטיק פון איינעם פון די גרעסטע יידישע געלערנטע פון יענער צייט איז געווען די פונעם מערב־אייראָפּעישן רבנישן קריטיקער, ר' אברהם בן דוד פון פּאָסקיער, באַקאַנט לויט די איניציאַלן ווי ראב"ד" אין זיין ספר „השגות הראב"ד". די קריטיק איז געווען אַ שאַרפע, אָבער אַ קאָנסטרוקטיווע. ער האָט זיך נישט געוואָרפן מיטן וואָרט „אפיקורסות". ער האָט אָנגעוויזן אויף וועזנטלעכע פעלערן, פון וועלכע קיין מענטש אין דער וועלט איז נישט פריי, אויב ער שרייבט אַ סך און איז פאַרנומען ווי דער רמב"ם איז געווען פאַרנומען. עד היום געפינט מען גרויסע טעותן ביי אַריסטאָטעלן, וואָס ווערט נאָך אַלץ פאַררעכנט פאַרן טיפסטן מוח פון אַמאָליקע יאָרן.

וואָס ווייטער אין דער נאָמען פונעם רמב"ם אַלץ העכער געשטיגן

אין אַלע לענדער, וואו עס זיינען נאָר געווען יידן, פון „כל תפוצות ישראל" זיינען צו אים אָנגעקומען שאלות, סיי אינעם רעליגיעזן זין סיי געשטעלטע פראָבלעמען פון פּאָליטישן און עקאָנאָמישן כאַראַקטער און ער האָט זיי געענטפערט, זיך אָפּגערופן אויף אַלע וויכטיקע דערשיינונגען. קיינער האָט אים נישט אָנגעשטעלט, נישט „געזאָלבט" פאַר אַ גאון פון אַלע יידן, פאַר זייער גייסטיקן פירער — אָן קיין שום אסיפה, אָדער באַזונדערער הסכמה, איז ער עס געוואָרן און באַלויכטן פאַר זיין פאָלק דעם שווערן, פינצטערן וועג אין יענער צייט.

3.

פערציק יאָר איידער דער רמב"ם איז געבאָרן געוואָרן איז געווען דער ערשטער קרייץ־צוג, די ערשטע פּרוּאוון פון די קריסטלעכע מלוכות צו עפענען פאַר זיך דעם וועג צום אָריענט, וואָס די מאַכמעדאַנישע מלוכות האָבן פאַר זיי פאַרשטעלט. דער קריסטוס־קבר איז גיכער פאַר זיי געווען אַ סימבאָל פון זייער פאַרמעסט אויף די מזרח־לענדער, ווי דער ענד־ציל פונעם צוג. וואָס דעמאָלט איז געווען איז פאַרשריבן געוואָרן אין דער געשיכטע נישט מיט פעסער טינט, נאָר מיט ימען בלוט און טרערן. יידן זיינען צום ערשטן מאָל אויף אַ שרעקלעך־קאָלאָסאַלן מאַסשטאַב אומגעבראַכט געוואָרן, אָדער מיט געוואַלט געשמדט און געשענדט געוואָרן. אין דעם רמב"מס צייט זיינען פאָרגעקומען נאָך צוויי קרייץ־צוגן. ווידער — בלוט און טרערן פון פיל פעלקער. ווידער טרעפט עס פריער פון אַלע — די יידן.

אין זיין צייט איז אויך צום ערשטן מאָל דערשינען דער געשפענסט, וואָס איז נאָך איצט אויך נישט קיין גאַנץ־פאַרגעסענע זאַך — דער בלוט־בלבול אויף יידן. די דאָזיקע באַשולדיקונג איז צום ערשטן מאָל געוואָרפן געוואָרן פון די רוימער אויף די ערשטע קריסטן, אַז זיי געברויכן פאַר רעליגיעזע צוועקן בלוט פון געצנדינערישע קינדער. האָט מען אין טויזנט יאָר שפּעטער איבערגעדרייט דעם פּעלץ, און קריסטלעכע גייסטלעכע האָבן באַשולדיקט די יידן אין באַנוצן בלוט פון קריסטלעכע קינדער פאַר פסחדיקער מצה.

פאָרגעקומען איז עס אינעם יאָר 1171, אין בלואַ, פראַנקרייך. עס איז פאַרפאַלן געוואָרן אַ קריסטלעך קינד און עס איז געמאַכט געוואָרן דער בלבול, אַז יידן האָבן אים דערמאָרדעט. 51 יידן האָבן דעמאָלט באַצאָלט מיט זייערע לעבנס אויפן שייטערהויפן. דאָס איז געווען

דער ערשטער פרעצעדענט, די געשיכטע איז צעטראָגן געוואָרן אומעטום — און וואו עס איז פאַרפאַלן געוואָרן אַ קריסטלעך קינד, האָט עס געהייסן „דאָס האָבן יידן ווידער געטאָן פאַר זייער רעליגיעזן געברויך פון בלוט". דער אומזיניקער בלבול איז געוואָרן דערנאָך באַקרעפטיקט פון געוויסע גלחים, מיט אויסגעטייטשטע ציטאַטן פון תנ"ך און תלמוד. ער האָט זיך כמעט אין אַלע קריסטלעכע לענדער דורכגעטראָגן ווי אַ ווילד־פייער ביז אונדזער איצטיקן יאָרהונדערט, און, ליידער, טרעפט נאָך איצט אויך.

ווען דער רמב"ם האָט גענומען באַזייטיקן די אַלע כלומרשטע רמזים און סימבאָלן וועגן בלוט פון דעם יידישן ריטואַל, האָט ער געהאַט אין זינען די דאָזיקע אומזיניקע באַשולדיקונג. עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט פאַראויסגעזען דעם ברייטן וועג, וואָס דער דאָזיקער בלבול גייט זיך אויסהאַקן אין דעם געווילד פון דער געשיכטע. אין איין יאָר שפּעטער, אין 1172, האָט ער געשיקט קיין תימן זיין היסטאָריש־באַרימטן בריוו וועגן דעם שמד, וואָס די דאָרטיקע מאַכמעדאַנישע הערשער האָבן אויף זיי אַרויפגעצוואונגען. ער האָט נישט געשאָטן קיין זאַלץ אויף זייערע וואונדן, ווי דאָס האָבן געטאָן פאַנאַטיקער. פאַרקערט: ער האָט זיי דערמוטיקט און געשטאַרקט און זיי אָנגעוויזן צו בלייבן אין האַרצן געלייטערטע יידן.

יידישע רכילות־טרייבער, און אוודאי מוסרים, האָבן אויך געהאַט גענוג סיבות צו זוכן אפּיקורסות אין דעם גרויסן לערערס שריפטן. ער האָט זיי נישט געשאַנעוועט מיט זיין קאַמף פאַר אייניקייט אין אַזאַ ערנסטער בלוטיקער צייט, און מיט זיין תכלית שנאה צו פאַררעטער און מוכדים.

אין זיין „משנה תורה" זאָגט ער: „עס איז פאַרבאָטן צו מסרן אַ יידן, סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן לעבנס־זאַכן, סיי וועגן געלט־זאַכן. אפילו ווען ער איז אַ רשע און אַ בעל־עבירה. און אפילו אַז ער דערקוטשעט אייך און טוט אייך אָן צרות. און יעדער איינער, וואָס מסרט אַ יידן, סיי אין קערפּערלעך (לעבנס זאַכן) און סיי אין געלט־זאַכן, האָט ער נישט קיין חלק אין עולם הבא".

און ווייטער האָט דער רמב"ם געזאָגט:

„עס איז דערלויבט צו טויטן אַ מסור אין יעדן פּלאַץ. און אפילו אין דער היינטיקער צייט, און עס איז דערלויבט צו הארגענען נאָך איידער ער פאַרמסרט, ווען ער זאָגט בלויז אָט גיי איך דעם און דעם

פאַרמסרן, אַז ער זאָל דאַרפֿן באַצאָלן מיט זיין לעבן אָדער מיט זיין געלט און אפילו ווען עס איז אַ קליינע סומע (אונטערגעשטראָכן פון מיר, — י. ב. ב.), האָט ער זיך דערמיט אויסגעשטעלט, אַז מ'זאָל אים מעגן טויטן. און מען וואָרנט אים און מ'פאָרזאָגט אים: „זאָלסט נישט מסרן!" אויב ער האָט געהאַט אַזוי פיל העזה (האָזע) און געזאָגט — וואָס אַרט אייך, איך וועל אים שוין פאַרמסרן — איז אַ מצווה צו דערהרגענען אים און ווער עס טוט עס פריער זאָל אים וואויל באַקומען".

די דאָזיקע באַציאונג צום מסור איז ביי אים נישט אַ מין נקמה־געפיל, נאָר אַ מיטל פון זעלבסט־פאַרהיטונג פאַרן כלל. אין ווייטערדיקן פונקט זאָגט ער:

„אויב אַ מסור האָט דורכגעפירט זיין פּלאַן און געמסרט, קומט ביי מיר אויס, אַז מען זאָל אים נישט טויטן. בלויז דעמאָלט ווען ער מאַכט עס שוין פאַר אַ כסדרדיקע פּראַקטיק דאַרף מען אים הרגענען טאָמער וועט ער נאָך אַנדערע פאַרמסרן. און אין אַלע צייטן פּראַקטיצירט מען, אין די מערב־שטעט, צו טויטן די מוסרים, וואָס האָבן שוין אַ חזקה איבערצוגעבן יידיש געלט (צו רעקעטירער), און איבערגעבן זיי אין רשות פון די גוים צו טויטן זיי, צו שלאָגן זיי און צו אַרעסטירן זיי, לויט זייער שלעכטס, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן".

פון די אַלע פונקטן וועגן מוסרים און מסירות, וואָס איך האָב דאָ ציטירט (לויט זיין „נזיקין", הלכות חובל ומזיק, פרק שמיני, ט', י', י"א), קאָנען מיר זען, ווי דער דאָזיקער גרויסער ייד האָט באַנומען דעם ענין. אָט אַזעלכע און ענלעכע באַגריפן, וואָס דער רמב"ם האָט אַרויסגערוקט אין פּראַקטישן לעבן, זיינען זיכער נישט געפעלן געוואָרן אַלערליי רכילות־טרייבער און מוסרים, כלערליי פאַנאַטיקער און אָבסקוראַנטן.

.4

ווען דער רמב"ם איז געשטאָרבן סוף יאָר 1204, איז דאָס יידישע פאָלק געבליבן ווי אַן אַרמיי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן און דאָ פאַלט פּלוצלינג איר הויפּט־גענעראַל. ווען ער האָט געלעבט און געווירקט, איז ער געווען דער, וואָס איז געווען בכוח צוזאַמענצוהאַלטן די צעשפּרייטע טיילן פונעם יידנטום אין די מזרח און אין די מערב־לענדער דורך זיין אויטאָריטעט, חכמה, וויסן און פּערזענלעכקייט. אָבער גראָד דעמאָלט ווען פון אַלע זייטן האָבן זיך פאַרצויגן איבער

כמעט דער גאַנצער וועלט די געדיכטסטע וואָלקנס, איז דאָס ליכט אויסגעלאָשן געוואָרן.

אין די מערב־לענדער, וואו עס האָבן זיך שוין דעמאָלט געפונען הונדערטער יידישע קהילות, האָט זיך אָנגערוקט די שווערסטע כמאַרע פונעם פינצטערסטן קאַטאָליציזם. דער פויבסט אינאָצענטי דער דריטער האָט דערפירט די אויטאָקראַטישע מאַכט פון דער קירכע צום סאַמע הויך־פונקט. אפילו די מעכטיקע קעניגן האָבן זיך געמוזט פאַר אים בויגן. ער האָט זיי געקרוינט און אומגעקרוינט. עס זיינען בלויז געבליבן די מאַכמעדאַנער, יידן און אלביגענזער, און די אַפּיקורסים צווישן די קאַטאָליקן גופא, וואָס זיינען אים געשטאַנען אין וועג צו פולמאַכט — האָט ער זיי טאַקע באַהאָלגט מיט חרמות און קללות און געמאַכט זיי הפקר.

די קירכע האָט אויפגעלעבט קעגן יידן אַלע שונאים, אַלע פריערדיקע געזעצן פון אונטערדריקונג. די יידן האָבן ווידער געמוזט טראָגן די געלע לאַטע. דער נייער קרייץ־צוג האָט געפלייצט מיט נייע אומגליקן פאַר יידן. מ'האָט ווידער געשאָכטן און געשמדט געשמדט און געשאָכטן, וואו איינציקע און וואו גאַנצע קהילות. וואו איז פּלוצלינג אַוועק דער גרויסער דאָקטאָר, וואָס פלעגט געפינען אַ מיטל אינמיטן פונעם גרעסטן אומגליק?

אָבער פאַר די אָבסקוראַנטן האָט זיך געעפנט אַ נייע וועלט. אַנשטאָט צו שליסן ענגער די רייען, אויסשמידן אחדות און געמיינשאַפטלעכע הילף האָבן זיי ערשט גענומען פאַנאַנדערבלאָזן די פייערן פון צעטיילונג און מחלוקת, און טאַקע אַרום די איינשטעלונגען פונעם רמב"ם.

זייער צעטל פון חטאים, וואָס דער רמב"ם זאָל האָבן באַגאַנגען, איז געווען אַ לאַנגער. זיי האָבן זיך אָבער קאָנצענטרירט אויף די פאָלגנדיקע הויפּטפּונקטן:

1) דעם רמב"מס געדאַנקען זיינען אין פיל פּרטים נישט אין איינקלאַנג מיט תורת משה און נאָך ווייניקער מיטן תלמוד.

2) ביים רמב"ם האָט דאָס ליכט פון דער פילאָסאָפיע געשיינט העלער ווי דאָס ליכט פון דער תורה.

3) די תורה איז ביי אים געוואָרן אונטערטעניק צו דער פילאָסאָפיע, בעת עס דאַרף זיין פונקט פאַרקערט.

4) ער גלויבט נישט אין נבואה לויט דער טראַדיציע, נאָר

האַלט, אַז דאָס איז אַ שטאַרקע קאָנצענטראַציע, דורך וועלכער דעם נביא דוכט זיך, אָדער ער חלומט, אַז גאָט האָט אים געזאָגט דאָס, אָדער אַ צווייטס.

5) ער לייקנט, אַז דער קערפּער וועט אויפשטיין צוריק אַ לעבעדיקער, נאָר גלויבט בלויז אין אומשטערבלעכקייט פון גייסט, קעגן דער תלמודישער טראַדיציע.

6) ער פּרואווט אונטערגראָבן די אמונה אין איבערנאַטירלעכע וואונדער און דערקלערט אַלץ על פּי דרך הטבע.

7) ער גלויבט נישט אין גיהינום און גן־עדן, און פאַרגלייכט עס מיט דער מטבע, וואָס מ'וואַרפט אַראָפּ אַ קינד אויפן אלף־בית.

8) ער האַלט, אַז געוויסע צערעמאָניעס און געזעצן זיינען בלויז אויף אַ געוויסער צייט.

9) זייך מאַכן צו קליינגעלט די לעגענדעס פון תלמוד, אַז זיי זיינען נישט קיין טייל פון דער תורה.

10) זייך נישט גלויבן אין שדים און רוחות, אין וועלכע דער תלמוד גלויבט יאָ.

אָנגעהויבן די מלחמה האָט ר' מאיר בן טודרוס הלוי אַבולפיא פון טאָלעדאָ, שפּאַניע. ער האָט געזוכט שותפים ביי די בעלי התוספות, די חכמים פון לונעל, אָבער ער האָט באַגעגנט אַ שאַרפע קעגנערשאַפט פון זייער גרעסטן דענקער ר' אהרן בן משולם. ער האָט יאָ געקריגן אַ האַנט פונעם אַלטן רב פון צפון־פראַנקרייך ר' שמשון פון צאנז. דערפאַר איז שאַרף אַרויס קעגן אים דער אַלטער יידישער געלערנטער ר' ששת בענוועשטי פון באַרצעלאָנע. ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן אים מיט אַ סאַרקאַסטישן עפּיגראַם:

„איר פרעגט מיך, פריינד, ווער האָט עס פאַרטראַכט,
אַז דער, וואָס ברענגט אָן חושך זאָל גאָר הייסן מאיר?
איך ענטפער: אַזוי האָבן חכמים גערופן „ליכטיג" די נאַכט
און צוליב שפּיל־קאָנטראַסט גערופן אַ בלינדן „סגי נהור".

אָבער די מיאוסטע ראָלע האָט געשפּילט דער רעאַקציאָנער שלמה בן אברהם פון מאָנפּעליע, דרום־פראַנקרייך. ער האָט זיך אינגאַנצן געווידמעט דער „הייליקער אויפגאַבע" אויסצוגראָבן די פרייערע זוימען, וואָס דער רמב"ם האָט געהאַט פאַרזייט צווישן יידישן פאָלק.

אָט דער דאָזיקער שלמה, וואָס האָט געזאָלט, לויט זיין נאָמען,

זיין דער סימבאָל פון שלום, האָט אָנגעצונדן דעם גרעסטן פלאַקער פון מחלוקת און שנאה אין די רייען פון די ידישע געלערנטע אין יענער צייט. ער האָט געשריבן צו אַלע רבנים פּאַסקווילן אויפן רמב״ם און אויפגעפאָדערט זיי צוצושטיין צום חרם, וואָס ער קלייבט זיך אַרויפלייגן אויף זיינע ווערק. ער האָט געפּרואווט באַווירקן נישט בלויז די רבנים פון דרום־פראַנקרייך, נאָר אויך די פון שפּאַניע, עגיפּטן און דייטשלאַנד. די מערסטע פון זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צוצושטיין צו אַזאַ שרעקלעכן אַקט. ער האָט אָבער געפּועלט ביי צוויי פון זיינע אָנהענגער, נישט קיין קלענערע אָבסקוראַנטן פון אים — יונה גערונדי פון געראָנאַ און דוד בן שאול צו פּראָקלאַמירן צוזאַמען מיט אים דעם שרעקלעכן חרם אויפן רמב״מס תלמידים און אויף זיינע ווערק.

דאָס איז געווען די עפּענונג פון דער אַנטי־רמב״ם־קאַמפּאַניע, וואָס האָט זיך געצויגן קנאַפּע הונדערט יאָר. דער קאַמף האָט זיך פאַרשפּרייט אין אַלע לענדער וואו עס האָבן נאָר עקזיסטירט יידישע קהילות. דאָס פייער האָט אפילו דערגרייכט צום רמב״מס קבר. אויף דער מצבה האָט איינער פון זיינע פאַרגעטערער געהאַט אָנגעשריבן די פאָלגנדיקע עקזאַלטירנדיקע שורות:

„דאָ ליגט אַ מענטש און דאָך איז ער קיין מענטש נישט.
אויב ביסט יאָ געווען אַ מענטש, איז נישט אַנדערש
ווי די מלאכים פון הימל האָבן פאַרשאָטנט דיין מוטער".

האָט די האַנט פון אַ צעהוליעטן פאַנאַטיקער אָפּגעקריצט דאָס שריפט און אויף דעם פּלאַץ אָנגעצייכנט: „דאָ ליגט משה מימון, דער אַפּיקורוס, אויף וועלכן עס ליגט אַ חרם".

דעם רמב״מס אָנהענגער און פאַרערער זיינען געווען פיל מער אין צאָל. זיי האָבן צוריקגעשליידערט דעם חרם אויף די קעפּ פון די לעסטערער, וואָס האָבן אים איבערגענומען פון פּויבסטס אינקוויזיטאָרן. די גאָר גרויסע מפּלה האָבן די פאַנאַטיקער געקריגן, ווען דעם רמב״מס לאַגער איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך דער אַקטיווויטעט פון ר׳ משה מקוצי, אַ שוואָגער פונעם דערמאָנטן ר׳ שמשון פון צאַנז (שאַנץ). דאָס איז געווען נישט בלויז איינער פון די געשליפנסטע מוחות, איינער פון די ייגנסטע און פייאיקסטע פון דער תוספות־פּלעיאַדע, נאָר אויך דער גרעסטער אָראַטאָר און פּריידיקער ביי די יידן פון יענער צייט.

ר' משה מקוצי, וואָס האָט געפּלאַמט אין זיינע דרשות מיט אויסערגעוויינלעכן שאַרפזין און נביאישן יושר־געפיל קעגן די שווינדלען און מיסברויכענישן פון די רייכע, האָט אויך געהאַט גענוג הייסע קוילן פאַר די משוגענע פאַנאַטיקער. דורך זיין איינפלוס האָבן זיך אַ רייע רבנים, וואָס זיינען פריער געשטאַנען מיטן שקרדיקן שלמה פון מאָנפּעליע, אָפּגעטרייסלט פון אים ווי פון אַ פּעסט. אפילו די רבנים פון מאָנפּעליע גופא האָבן זיך ענדלעך צוריקגעצויגן פון דער אינקוויזיטאָרישער קאַמפּאַניע.

אָבער דער וויסטער פאַנאַטיקער שלמה גופא, און זיינע נאָענטסטע אָנהענגער, האָבן נישט געוואָלט צוריקטרעטן. זיי „מוזן פאַרענדיקן זייער הייליקע אַרבעט". האָבן זיי זיך געקייקלט אַלץ נידעריקער, ביז זיי האָבן דערגרייכט דעם טיפסטן אָפּגרונט. זיי האָבן זיך דערקייקלט צו דער מדרגה פון דער נידעריקסטער מסירה. זיי האָבן אָנגעבאָטן זייער מיטהילף דער אינקוויזיציע, וואָס דער פויבסט גרעגאָרי דער נײַנטער האָט באַשאַפן...

.5

שלמה מאָנפּעליע, און זיין געטרייער תלמיד יונה גערונדי, זיינען אַוועק צו די צלם־טראָגנדיקע דאָמיניקאַנער גלחים, די זשאַנדאַרמען פון דער אינקוויזיציע, און צו זיי געזאָגט: „איר פאַרברענט אייערע אַפּיקורסים. זעט עפּעס אויך צו טאָן מיט אונדזערע. די מערסטע יידן פון פּראָוואַנס זיינען שוין פון זיי פאַרפירט געוואָרן. זיי פאַרשפּרייטן דעם רמב"מס שריפטן".

די אינקוויזיציע האָט שוין לאַנג געוואַרט אויף דער געלעגנהייט צו קאָנען זיך נעמען צום רמב"מס ווערק. אוודאי האָבן זיי געפילט די שאָדן־פרייד, וואָס יידן אַליין רעגן זיי אָן צו דעם און וועלן זיי העלפן אין דער דאָזיקער ליקווידאַציע. איבערהויפּט האָבן זיי אַליין געציטערט פאַר דער איבערזעצונג פון דעם „מורה נבוכים" אין לאַטיין, וואָס האָט זיך שוין געפילט צווישן די יונגע גלחים און מאָנאַכן.

די ערשטע שטאָט אין פראַנקרייך, וואו די אינקוויזיציע האָט זיך גענומען מאַכן איבערפאַלן און רעוויזיעס איז געווען אין שלמהס שטאָט מאָנפּעליע. מען האָט צוזאַמענגענומען די קאָנפיסקירטע רמב"ם שריפטן און זיי געהייליקט אויפן שייטערהויפן. פּאַריז איז געווען די צווייטע שטאָט מיט דער דאָזיקער בראַנד־אילומינאַציע. עס האָט זיך

פאַרשפּרייט דערנאָך די מעשה, אַז דעם פייער פונעם שייטערהויפן האָט מען אָנגעצונדן מיט אַ וואַקסן־ליכטל, וואָס מ'האָט געבראַכט פונעם אַלטאַר פון איינער פון די קירך־קאַטעדראַלן.

אָט אַזוי האָבן זיך דערהויבן דעם רמב"מס ווערק צו די הימלען דורך זייער רויך און אַש. דאָס האָט אָבער געשאַפן אין דער זעלבער צייט אַ גוואַלטיקן פאַרלאַנג ביי פיל פאַרשנדיקע מוחות אויסצוגעפינען וואָס איז דאָרט געווען אַזוינס אינעם רמב"מס וועלט־אַנשוי, וואָס די אינקוויזיציע האָט געזוכט צו פאַרניכטן דורך פייער.

אָבער נישט קיין קלענערער פייער פון אַנטריסונג האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע ישובים. דער פאַקט, אַז פאַרשטייער פון דער יידישער אמונה זאָלן זיך פאַראייניקן צוזאַמען מיט זייערע ביטערסטע שונאים, האָט געשריען צו די הימלען. די דאָזיקע פאַרברעכערישע פאַנאַטיקער זיינען געזונקען נאָך טיפער דורך דעם, וואָס זיי האָבן גענומען אָנווייזן אויף רמב"ם־אָנהענגער און עס האָט זיך אָנגעהויבן אויף זיי אַ שרעקלעך געיעג. אַ צייט האָט זיך דער קאַמף קעגן די פאַנאַטיקער געפירט אין געהיים. ער איז געפירט געוואָרן דורך טענות און מענות, אויך דורך לידער.

ווען די פרעכהייט פון די מוסרים האָט שוין דערגרייכט צו אַ מדרגה, ווען מאַסן יידן האָבן אויפגעבראַוזט קעגן זיי, איז זיי שוין נישט ניחא געווען דאָס לעבן. פאַררעטער און מוסרים האָבן זיך נישט געקאָנט ווייזן אין גאַס. מ'האָט זיי צעמזיקט און צעממיתט. מען האָט ביי צען פון די מלשינים אויסגעשניטן זייערע צונגען, אַלס מוסטער, וואָס עס ווערט געטאָן צו פאַררעטער.

עס האָט גענומען די גאַנצע ענערגיע און פעאיקייט פון די גדולי הדור אָפּצולעשן דעם בראַנד, וואָס די קליינע כאַפּטע פאַנאַטיקער האָבן אָנגעצונדן. געלערנטע און רבנים, ווי ר' דוד קמחי, ר' אברהם בן חסדאי, ווי ר' שמואל סאַפּאָרטא, בחיאל אבן אלקנסטנטיני, און דער מקובל און מפורש, דער רמב"ן (משה בן נחמני), וואָס האָט זיך אין אָנהייב געלאָזט מיטשלעפּן מיט שלמהס כנופיא פאַנאַטיקער, און נישט דער קלענסטער צווישן זיי ר' משה מקוצי, האָבן גענומען לעשן די שרפה. דעם רמב"מס זון גופא, ר' אברהם מאַימוני, האָט אויך פיל געאַרבעט אומצוקערן צוריק די אַזוי פיל נויטיקע אייניקייט.